י. קארא

# יאָרן פון האָפענונג

– דערציילונגען –



פארלאג „קריטעריאָן"
בוקארעשט 1987

# SUMAR

# שרייבער, קריטיקער, לייענער

שרייבערס, קריטיקערס, לייענערס און סתם מענטשן פרעגן זיך אָפּט וועגן די שייכותן צווישן סטיכישקייט און באוווסטזיניקייט אין דעם קינסטלערישן שאפן בכלל און אין ליטעראטור בפרט; א נעבנפראגע איז די שייכות צווישן בעלעטריסט און ליטעראטור־ קריטיקער. צי דארף דער קריטיקער „קריטיקירן״, ד.ה. זוכן פעלערס, צי דארף ער גיבן עצות דעם שרייבער, אים געפינען מעלות, לויבן און ... פארקערט? מע זאָגט צומאָל, מיט א שטעכווערטל, אז אייניקע קריטיקערס געפינען אין א ווערק אזוינס, וואָס דער שרייבער האָט נישט אריינגעטאָן אין דעם, וואָס דער שרייבער ווייסט נישט דערפון. דאָ, דאכט זיך מיר, קומט מען אביסל נעענטער צום אמת. יאָ, א גוטער אנאליטיקער פון א ליטעראריש ווערק קען דאָרט ארויסגעפינען שטריכן, טענדענצן, סטרוקטורן, וועגן וועלכע דער שרייבער איז נישט באוווסטזיניק. דאָס געהער צום סטיכישן מאָמענט אין קינסטלערישן שאפן. דורך א געראָטענעם אנאליז קען דער שרייבער געהאָלפן ווערן בעסער צו ניצן זיינע קינסטלערישע כלי־זין.

מע האָט זיך ארויסגעזאָגט: פארן קריטיקער, פארן ליטעראטור־פאָרשער איז דאָס קינסטלערישע ווערק א מין רוי־מאטעריאל פארן אייגענעם שאפן, אזוי ווי די נאטור, די געזעלשאפט, דער מענטש, דער קאָסמאָס זענען א שורש, אָדער כאָטש אן אויסרייד, פארן קינסטלערישן שאפן. איז טאקע דער אמתער ליטעראטור־קריטיקער א מיטשאפער פון ליטעראטור, צי דאָס געפעלט, צי נישט דעם, אָדער יענעם שרייבער.

ווי־זשע איז דער דין ווען דער פּראָזאטאָר אָדער דיכטער איז אין איין ווענס א ליטעראטור־פאָרשער, א קריטיקער? צי קען ער באטראכטן קריטיש, אנאליטיש, זיין בעלעטריסטיש שאפן? און אויב יאָ, אין וואָס פאר א מאָס, אויף וועלכע וועגן? צי קען ער דען, אזויווי דער דינער פון מאָליערס „קארגער״, אויסטון דעם בגד פון נאָוועליסט און אָנטון די קליידונג פון קריטיקער?

מע פרעגט אָפט א שרייבער וויאזוי ער איז געקומען אויפן געדאנק אָנצושרייבן א געוויס ווערק, וויאזוי האָט זיך אָנגעהויבן דאָס שאפן, דער געדאנק, דאָס שרייבן. אָדער צי און אין וואָס פאר א מאָס קען ער באהערשן, דיריגירן דעם שאפונגס־פּראָצעס. וואָס פאר א חלק האָט די דאָקומענטאציע, די אָבסערוואציע, די מעדיטאציע, די איינדרוקן פון דער דרויסנדיקער ווירקלעכקייט,

דער וועלטבאנעם? וויאזוי פלעכטן זיך ספאָנטאַנישקייט מיט אויסגערעכנטקייט, סטיכיע מיט קולטור-עלעמענטן, גייכטיקער אימפעט מיט ליטעראַרישער טעכניק?

די ענטפערס שפּיגלען אָפּ דעם טעמפּעראַמענט, דעם כאַראַקטער פון יעדן איינעם, זיין וועלט-באַנעם, זיינע געאָגראַפישע און צייטלעכע קאָאָרדינאַטן. און אוודאי, זיין מיין וועגן שליחות פון ליטעראַטור, זיין באַציונג צום לייענער.

דערצו קען מען נישט צופיל צייט אָפּגאַרן. מע דערקענט, וואָס עס איז עכט, אָרגאַניש אין דעם שאַפן און וואָס עס איז אַ קאָנצעסיע דעם (שלעכטן) געשמאַק פון אייניקע לייענערס, אָדער אַ פלאַכער קאָנפאָרמיזם צי סנאָביזם. אריינגערעכנט די פליאָטקעס און סקאַנדאַלן פון אַ ביאָגראַפישן כאַראַקטער.

מע מוז נישט זיין סען-בעווס אַ תלמיד כדי צו געפינען שייכותן צווישן דעם שרייבערס לעבן און זיין שאַפן. פלאָבער פלעגט זאָגן „מאַדאַם באָוואַרי דאָס בין איך". דער שרייבער שרייבט מיט זיין אייגן בלוט. און ... שוויים, ער איז דער ערשטער, וואָס גלייבט אין דעם אמת פון זיינע פאַרשווינגען. אפילו זאָלאַ, דער נאַטוראַליסט, ווייסט, אַז קונסט באַטייט ווירקלעכקייט, געזען דורך אַ טעמפּעראַמענט. קיינער ווייסט נישט פון פאָרויס וואָס ער וועט אָנשרייבן, מעג ער צוגרייטן די דעטאַילירטסטע פּלענער פון זיין קומענדיק ווערק. בראשית שטייט די אינספּיראַציע, דער „רוח הקדש"; און אפילו שפּעטער דיקטירט אָפּט די שאַפונג דעם שעפער. עפּעס אַ מין דיבוק דיקטירט דעם שרייבער דעם גורל פון זיינע העלדן. דאָס איז נישט קיין שום מיסטיק, נאָר פּשוט אַ באַמערקונג וועגן דער פּסיכאָלאָגיע פון שאַפן. די מאָמענטן פון באַוווסטזיין, פון צילעוו-דיקייט האָבן זייער חלק, די קולטור און טעכניק זענען אויך נישט קיין ממזרים און עס שאַפט זיך אַ סינטעז.

דער קריטיקער י. קאַרא האָט געפּרווט באַטראַכטן אַנאַליטיש אייניקע פון זיינע אייגענע בעלעטריסטישע אַרבעטן. זיי זענען אויפגעקומען סטיכיש, אָפּט אומדערוואַרט, מסתמא נאָך אַ געוויסן אויפברויז אין אונטערבאַוווסטזיין, אָבער עס גייט אַ פּאַראַלעלער שטראָם פון פּלאַנירטקייט, צוגאַנג, טעכניק, צוועק-מעסיקייט און ... שטרעבונג צו קינסטלערישער שלימות. אָט פרעג איך מיך פון וואַנען נעמען זיך אַזויפיל געאָגראַפישע רעפערענצן אין די קעפּלעך פון מיינע דערציילונגען. (אַ מאָלדעוויש ייִנגל, אַרום די קאַרפּאַטן, מאָלדעווישער וועג און אַסך אַנדערע). אייניקע נעמען זיך מן הסתם פונעם מעמואַריסטיש אונטערשלאָג פון געוויסע דערציילונגען; אַנדערע זענען אָבער אַ באַווייז, אַז דער מענטש, יעדער מענטש, איז ענג פאַרקנופּט מיטן היימישן קאַנט, מיט דער געאָ-גראַפישער און מענטשלעכער סביבה. אפשר איז עס אַן אָפּקלאַנג פונעם מחברס היסטאָרישע אַרבעטן. דערמיט דערקלערן זיך אפשר די אָפטע אָנצוהערענישן

וועגן צייט: יונגע יאָרן און ... ווייניקער יונגע, גורלדיקע יאָרן, יאָרן, מילחמה־יאָרן. אפשר איז די צייט־אָבסעסיע א שטריך פון עלטערע מענטשן.

און נאָך א שטריך, דער מחבר ווי א נאראטאָר, דאָס ווענדן זיך צום לייע־נער, וואָס שפּיגלט אָפּ א טענדענץ צו היימישקייט מיטן יידישן לייענער, צום היינטיקן, לעבעדיקן, טאָגטעגלעכן לייענער פון יידיש (קיינער ווערט נישט ברוגז, אז מע זעצט אים איבער אויף רומעניש, עברית אָדער אן אנדער לשון).

צי איז מעגלעך, אז דער זעלבער מענטש זאָל זיין אי א בעלעטריסט, אי א קריטיקער? די רומענישע ליטעראטור ענטפערט אז יאָ. זי ווייזט אויף אזוינע גרויסע נעמען ווי ג. איבראאילעאנו, ג. קאלינעסקו, ע. לאָווינעסקו, און מע קען גרינג געפינען נעמען אין יעדער מאָדערנער ליטעראטור. איר טראַכט נישט צו קריטיקערס וועלכע האָבן צופעליק אמאָל אונטערגעזינדיקט מיט א ליד אָדער א דערציילונג, אָדער צו שרייבערס, וואָס פארגינען זיך אמאָל אָנצושרייבן אן אָפּשאצונג וועגן א בוך.

נאָר, איך האָלט נישט קיין קורס פון וועלט־ליטעראטור. איך האָב בלויז געוואָלט אָנוואַרפן עטלעכע באמערקונגען פון אייגענער דערפארונג. אפשר קענען זיי צונוץ קומען. אויב נישט אנדערע, איז דעם שרייבער אליין.

# ר' משה הבבלי

די יידן האבן דעמלט געציילט דריי טויזנט ניין הונדערט ... און זיבעציק זינט די וועלט איז באשאפן געווארן, לויט זייער מסורה. ר'משה צורף, וועמען מע האט שפעטער גערופן דער בבלי, האט דעמלט געלעבט און געלערנט אין דער בארימטער ישובה פון פומבדיתא. איר קענט דורכקוקן גאנץ ש״ס, דורכ-זוכן אלע יודאיסטישע לעקסיקאנען, ווער איר געשט אנטרעפן צווישן די נעמען פון תנאים, אמוראים און קלענערע גאונים, וואס האבן געפילעוועט אין לימוד, דעם באשיידענעם נאמען פון רמשה צורף. און דאך איז רבי משה געווען איינער פון די הונדערטער דעמלטיקע יידן, וואס פלעגן בייזיין בעת די פייערדיקע ווי-כוחים צווישן די גדולים פון פומבדיתא.

פונעם טאטן ר'טרפון האט ער געירשנט די איידעלע מלאכה פון אויסארבעטן צירונג און חפצים פון זילבער און גאלד. ווייל, פלעגט דער טאטע טענהן, „אם אין קמח, אין תורה", און עולם הזה איז נישטא קיין עולם הבא. אבער לערנען מוז מען אוודאי, ווייל „אם אין תורה, אין קמח." ווייל אויב מע גיט נישט אוועק א טייל צייט צוליב פרנסה, האט מען נישט קיין מעגלעכקייט צו לערנען. האט א לעבן לאנג ר' משה דעם ערשטן האלבן טאג פארבראכט אין דער ישיבה, ווי א שטילער תלמיד, און די איבעריקע צייט זיך אפגעגעבן מיט זיין מלאכה כדי מפרנס צו זיין ווייב און קינדער.

געלערנט האט ער מיט ברען. פון צייט צו צייט פלעגט ער מיט רחמנות א טראכט טון צו די אומצאליקע יידן, וואס ווינען צעזייט און צעשפרייט איבער דער וועלט, יאגן טאג און נאכט נאך פרנסה און שבת און יומטוב האבן זיי נישט קיין ביסל נחת רוח צו הערן א ווארט פון תורה און מוסר. האט ער אנגעהויבן גיין שבת נאכמיטאג אין קליינע און ארעמע שילעכלעך, זיי מסביר זיין די סדרה און זאגן מוסר. האט מען אים טאקע דערפאר געווינטשן, ער זאל האבן דאס אייביקע גן עדן.

איז אבער אויף אים מקיום געווארן סיי איובס ברכה און סיי איובס קללות. עיקר, בעת א שווערער מגיפה האט ער פארלוירן דאס ווייב מיט די דריי קינדער, וואס זי האט אים געבוירן. האט ער זיך נאך מער ארייגעלאזט אין דער ארבעט, אין דעם לערנען זיך און אנדערע. צוביסלעך איז אין אים אויפגעגאנגען א געפיל, אז ער איז עפעס שולדיק זיינע ברידער פון אנדערע מקומות. איצט, אז די פעדעס, וואס האבן אים געבונדן צו דער היימשטאט, זענען איבערגעריסן,

סען ער, מעג ער, מוז ער זיך לאָזן אין דער וועלט צו די אויסגעהונגערטע נאָך א פייערדיק וואָרט, נאָך א טרייסט און באלערונג.

און ער האָט באשלאָסן: ער וועט גיין אָפּריכטן גלות, וואנדערן איבער דער וועלט פון ישוב צו ישוב, פון קהילה צו קהילה און פארשפּרייטן תורה שבכתב און תורה שבעל־פה. לויט זיינע כוחות און יכולות.

האָט ער פארפּאַקט די פארמעטענע כתב־ידן פון די ערשטע פיגה ספרים פון דער תורה, אביסל געצייג פון זיין מלאָכה, אביסל וועש, קליידער, עסן און בשתיקה אוועק פון דער היים. ער האָט איבערגעלאָזט א בריוול, אין וועלכן ער בעט זיין חבר ר׳עוזיאל ער זאָל אויספארקויפן זיין ביסל האָב־און־גוטס און האלטן דאָס געלד ביי זיך ביז ער וועט צוריקקומען.

צווישן פומבדיתא און ביזאנץ זענען געגאנגען קאראוואנען מיט סחורה און פאָרערס. האָט ער זיך, מיט זיין אייזל, צוגעשטעלט צו אזא קאראוואן. ער האָט זיך באליבט געמאכט מיט זיין איידלקייט און חכמה און מע האָט אים גערן מיטגענומען. ער האָט זיך אָפּגעשטעלט אין אייניקע ערשטער און אָפּגעארבעט א שטיקל צייט, אויב עס איז געווען כאָטש א מנין. געזאָרגט אי פארן גוף, אי פאר דער נשמה און ווייטער געפאָרן. וואו עס איז געווען נייטיק, האָט ער צו־געלערנט מיט קינדער, מיט דערוואקסענע און זיי געוויזן דעם וועג. ער האָט זיך באקענט מיט אלערליי מינהגים און גלייבענישן, מיט ניגונים און ווערטלעך און זיי באהאלטן אין זיכרון. עפּעס פלעגט ער פארצייכענען אויף שניצלעך פארמעט כדי צו געדענקען שפּעטער. אפשר וועט עמעצער, אפשר טאקע ער אליין, פארשרייבן לזיכרון דאָס, וואָס ער זעט און הערט.

די שטאָט ביזאנץ האָט אים פארכאפּט און פארטומלט מיט אירע קולות און ריחות, מיט אירע גאסן און מענטשן מכל המינים. ער האָט זיך באזעצט צווישן היימישע און איז באלד געוואָרן באקאנט און געשעצט צוליב זיין מייסטער־שאפט אין גאָלדארבעט, צוליב זיין ענִיוות און למדנות, צוליב זיין ליבשאפט צו מענטשן. דאָ אין דער גרויסער הויפּטשטאָט האָט געקאָכט דאָס לעבן און ער האָט געקענט באגעגענען מענטשן פון ווייטע לענדער. אזוי איז ביי אים אויפ־געקומען דער געדאנק, אז ער דארף זיך באקענען מיט די מקומות פון יענער זייט שווארצן ים און נאָך ווייטער, איבערן טייך, וואָס מע רופט איסטראָס (היינט רופט מען אָט דאָס גרויסע וואסער: דונארע, דונִיי, דאָנאו און מיר יידן רופן עס פּשוט „טונע"). ער האָט געהערט וועגן א רוימישער פּראָווינץ, וואָס מע רופט „דאקיע", פון א פּראָווינץ „פּאנאָניע" און ווייטער, ווייטער, איבעראל ווו עס הערשט דער רוימישער שלום די „פּאקס ראָמאניקא".

אין ביזאנץ האָט ער אויסגענומען. מע האָט אים געוואָלט מאכן פאַר א תושב, אים געוואָלט חתונה מאכן. אין תוך האָט ער זיך דאָ גוט געפילט, געהאט מיט וועמען צו שמועסן דברי תורה און וועלט-זאכן. דאָס רואיקע, גוטע לעבן האָט פארלאָקט. האָט ער זיך אָבער דערמאָנט צוליב וואָס ער האָט פארלאָזט זיין היים און זיך גענומען גרייטן אין וועג. די אָרטיקע יידישע פני האָבן געפרוווט אים אָפּצוראָטן פון זיין כוונה. אז עס איז זיי נישט געלונגען האָבן זיי אים גע-בוי דערציילט דאָס וואָס זיי ווייסן וועגן די מקומות און קהילות, וועגן די וועגן און הארבעריקן, וועגן די סכנות און שטערונגען און לסוף אים מיטגעגעבן א בריוו, אז מע זאָל אים העלפן אין זיין שליחות.

געוואָרט, געוואָרט ביז זיך דערוואָרט. ער איז ארויסגעפאָרן פון ביזאנץ מיט א קאראוואן סוחרים, אין הויכע געדעקטע וועגענער מיט גרויסע רעדער, געשלעפטע פון שטארקע אָקסן. איז מען געפאָרן איבער הויכע בערג און טיפע טאָלן, איבער וועלדער און פעלדער, איבער וואסערן און זומפּן. ערב שבת פלעגט מען זיך אָפּשטעלן אין א ישוב אָדער א יידישער אכסניה ווו מע האָט זיך געקענט דערקוויקן מיט א ווארעם עסן, צומאָל האָט מען געקענט דאוונען מיט מנין. משה בבלי האָט געקענט זיין א גוטער שליח ציבור האָבן די מיטפאָרערס אים געהאלטן פאר א סגולה קעגן רויבערס, חיות און שטורעמס. דער אייבערשטער וועט אוודאי נישט שטראָפן אזא גאָטספאָרכטיקן מאן.

ר׳משה הערט זיך צו מיטביידע אויערן צו אלצדינג וואָס מע הערט אין וועג פון כלאַרליי מענטשן, ער פארכאפּט מיטן אויג אלץ וואָס עס איז פאר אים ניי, אויסטערליש. ער פארצייכנט עס אין זיכרון און צוביסלעך קומט אויף דער געדאנק, אז מע וועט אמאָל דארפן אויפשרייבן דאָס אלץ, מזכה צו זיין דעם עולם.

דערווייל ציט זיך די נסיעה איבער די גוטע רוימישע וועגן, וואָס ווערן גוט באוואכט. פארהאלטן זיך אמאָל לענגער אויף אן אָרט, פארריכט משה פאר-שיידענע צירונג: אוירינגלעך, פינגערלעך, בראסלעטן, נאָז-רינגען, בראָשן, גארטלען וכדומה און זיינע רעזערוון פאלן נישט. קומט ער צווישן יידן, וואָס זווינען ווייט פון קהילות, לערנט ער זיי תפילות, זאָגט ער זיי מוסר און זיי פילן זיך דערהויבן. פאָרט מען ווייסער און ווייטער איבער די שטחים, וואָס וועלן אסך שפּעטער הייסן בולגאריע. שטעלט מען זיך אָפּ אין א ישוב וואָס וועט, אמאָל אין גיינצנטן יאָרהונדערט הייסן „פלעווען“ אָדער „פלעוונא“ און זי וועט ווערן בארימט אין דער געשיכטע פון רומעניע און בולגאריע. דערווייל רופט מען די שטאָט אנדערש. זי פארמאָגט א שיין, נישט קיין גרוים בית-כנסת מיט א וואזשנעם, פארביקן מאָזאיק: מנורה, פאלמען, שופרות, לולב, אתרוג,

די מזלות און כלאַרליי פלאַנצן, בלומען, באַפליגלטע לייבן, אָדלערס און הערשן, און ער וווּנדערט זיך: דיזעלבע מאָזאַיקן און בנינים ווי אין זיין היימשטאָט, ווי אין גליל, ווי אין ביזאַנץ. יידן פירן מיט זיך מיט נישט נאָר אותיות און ווערטער, און תורה, נאָר אויך בילדער און בנינים...

איצט, אַז ער איז נישט ווייט פונעם איסטראָס, איילט ער זיך נישט מער. ער בלייבט וויינען עטלעכע חדשים, אַרבעט זיין מלאָכה, לערנט מיטן עולם און שרייבט אָפּ פאַר דער קהלה כאָטש ספר בראשית און שמות. און לערנט צוויי דריי יונגעלייט שרייבן. און ער אַליין לערנט בעסער אי גריכיש אי לאַטייניש, ווייל ער וועט דאָך אַלץ טיפער אַריינפאָרן אין דער רוימישער אימפעריע. דאָס היימישע אַראַמעיש קומט וויייניק צונוץ; מיט לשון-קודש קען מען אפשר אויסקומען צווישן געלערנטע יידן, אָבער מיט דער וועלט פאַרשטייט מען זיך איין אויפן פאָלקסטימלעכן לשון פונעם פאָלק, פון דעם שטאָטישן באַאַמטן און סוחר.

עס איז געקומען די צייט צוצופאָרן צום גרויסן טייך. געזעגנט ער זיך פון זיינע נייע פריינד, וועלכע וועלן קיינמאָל נישט פאַרגעסן זיינע ווערטער. פּרייטיק צו מיטאָג שטעלט מען זיך אָפּ ביי אַ גרויסן האַרבעריק, וואָס מע רופט „צו די יידן". דאָרט שטעלן זיך אָפּ סוחרים און מאַטראָזן, סאָלדאַטן און וואַנדערער, שפּילערס און בעלי-מלאכות, סתם רייזנדע און כלאַרליי פאַרשלעפּטע קרענק. דאָ הערט מען זיך אָן מיט פאַרשיידענע פּאַסירונגען און באַשרייבונגען, אַ געמיש פון אמתן און גוזמאות, פון שאַרלאַטאַנסטווע און גוט געמיינטע עצות, פון פאַנטאַזיע און וואָר. ר'משה וועט פרווון אויסשיילן ידיעות, וואָס זאָלן אים זיין ניצלעך אין וועג.

ר'משה וויל שוין זיין גיכער אין עסקוס. ער פירט אַ רעקאָמאַנדאַציע-בריוו צום ראָש-הקהל פון עסקוס און ער רעכנט זיך דאָרט אויפצוהאַלטן אַ שטיק צייט, כדי זיך צו גרייטן צו דער גרויסער נסיעה אין דער פּראָווינץ דאַקיע און ווייטער קיין פּאַנאָניע.

עסקוס. אַ רוימישע שטאָט נישט ווייט פון דער טונע. דאָ שטייט איין אַ פליגל פון אַ פּאַנאָנישן לעגיאָן. דאָ נישט ווייט איז פאַראַן אַ בריק, וואָס פירט אַריבער דער טונע צו דער קעגנאַיבערדיקער פעסטונג סוקידאַוואַ. דאָ איז פאַראַן אַ בכבודיקע יידישע קהילה. דאָ זעט מען אין זיין גאַנצער, שיינקייט די טונע. וואָס האָט אירע קוואַלן ערגעץ אין דייטשלאַנד, וואָס שלענגלט זיך איבער אייראָפּע און קומט זיך אַריינגיסן אין שוואַרצן ים דורך דריי לעפצונגען, וועלכע נעמען אַרום ווי אין „דעלטאַ" אַ רייכע וועלט פון פלאַנצן און פייגל פיש און... מיקן, פון ביימער און קליינע אָזערעס.

דאָ איז די „מעסיאַ אינפעריאָר" דער טויער צו דאַקיע.

ר׳ משה, וואָס האָט זיך איצט גערופן דער בבלי איז אָנגעקומען קיין עסקום דאָנערשטיק פאַרנאַכט. פרייטיק אינדערפרי איז ער געגאַנגען צום ראָש הקהל, צום אָנפירער פון די אָרטיקע יידן יוסף. די רוימער האָבן אים גערופן „ארכי־סינאַגאָגאָס״ און „פרינקיפּאַלעס״ זיין טאַטן האָבן זיי גערופן „מאַקסימין פּאַנאָניקוס״, ווייל זיינע עלטערזיידעס זענען אהערגעקומען איניינעם מיטן צווייטן אַפּטייל פון א רוימישער לעגיאָן פון פּאַנאָניע. ביזן היינטיקן טאָג האַלטן די מישפּחה אָן קאָנטאַקטן מיט די פּאַנאָנישע קרובים, וועלכע וווינען אין דער פּאַנאָנישער שטאָט אינטערקיססאַ (וואָס היינט רופט מען זי אין אונגערן דונאַ־פּענטעלע, נישט ווייט פון בודאַפּעשט). דאָ אין עסקום האָט די מישפּחה צוגעשטעלט פּראָוויאַנט פאַרן מיליטער, געפירט א ברייטן מיסחר קיין פּאַנאָניע, קיין ביזאַנץ און געשטאַנען בראָש דער קהילה.

יוסף איז א שטאָלצער ייד אין די זעכציקער, ער טראָגט שיינע בגדים און ער רעדט פּליסיק גריכיש, לאַטייניש און די אָרטיקע דאַקישע שפּראַך איז אים נישט פרעמד. ער האָט געפירט האַנדל צוזאַמען מיט די גריכישע סוחרים פון טאָמי און קאַלאַטיש אויפן מיזרח ברעג פונעם שווארצן ים.

די מישפּחה איז א וואַרעמער מכניס אורח. דער עיקר האָט מען ליב מענטשן, וואָס קומען פון ווייטן, וואָס האָבן אסך צו דערציילן און צו זאָגן. מע איז ביינעריק צו וויסן וועגן דער וועלט און עס קען צונוץ קומען אין מיסחר. ר׳משהס בריוו מאַכט אים פאַר גאָר א חשובן גאַסט. שבת אינדערפרי איז מען אים מכבד מיט דאַווענען און לייענען. ער טוט דאָס מיטן גאַנצן ברען. די דרשה וואָס ער האַלט שבת נאָכמיטאָג נעמט זייער אויס.

זונטיק נעמט ער א דירה און באַלד הייבט ער אָן ארבעטן זיין פאַך, אָבער יעדן טאָג לערנט ער יונג און אַלט לייענען און דאַווענען ווי עס געהער צו זיין; בעט אים ר׳יוסף שרייבט ער א ספר תורה פאַר דער קהילה, מזוזות, תפילות, לערנט ער שחיטה מיט א מאַן אין די מיטלערע יאָרן, דרשנט ער יעדן שבת אין שיל.

די היגע שיל איז א שיינע, כאָטש נישט קיין גרויסע; אירע ווענט זענען באַפּוצט מיט מאָלערייען: מזלות, מנורה, בלומען־געפּלעכטסן, לייבן, ביימער. און ר׳ משה גיט צו פאַרשטיין דעם מיין פון יעדן בילד. נישט ווייט פון דער שיל זועט אויפגעשטעלט ווערן א שטיין מיט לויבווערטער פאַרן „ארכיסינאַגאָגאָס״ יוסף און זיין פרוי קווירינא. דעם שטיין קען מען נאָך זען איצט אין א בולגאַרישן מוזיי. ר׳משה וועט בייזיין ווען מע וועט אויפדעקן אָט דעם שטיין; ער וועט דרשנען וועגן דער גרויסער מיצווה פון הכנסת אורחים און פון לערנען. דערזוייל איז אוועק א יאָר און מער און ר׳משה טראַכט, אז ער האָט זיין שליחות

נאָך נישט אויסגעפירט. דערצו פילט ער, אַז די צייט שטייט נישט. מע ווערט עלטער, כוחות ווערן שוואכער! עס איז צייט ווייטערצופאָרן. לויט ר׳ יוספס עצה וועט ער נאָך פאָרן ביז קיין אינטערקיססא, דאָרט זיין א שטיק צייט, דער־נאָך וועט ער קאָנען אהיימפאָרן אויף קירצערע און מער זיכערע וועגן. גרייט מען זיך אין וועג. דער ראָש הקהל באַזאָרגט אים מיט א שוצבריוו פאַר די רו־מישע באאמטע און פון זיין זייט גיט ער אים א בריוו צו זיינע פריינט. דער ראָש הקהל פון אינטערקיססא, ר׳אלעקסאנדער בן הלל, וועט אים אוודאי אויפנע־מען מיט גרוים כבוד.

אין עסקוס פאָרמירט זיך א קאראוואן, וואָס וועט פירן סחורות קיין סאַר־מיסעגעטוזא. וועט ר׳משה צושטיין צו אָט דעם קאָראוואָן. וועט מען אַריבערגיין די טונע אויף דער פראָוויזאָרישער ברוק און פון דאָרט איבער סוקידאוואַ, לענגוים דעם טאָל פונעם אָלט. די פרייע דאקיער טשעפען נישט קיין סוחרים. זיי האנדלען מיט זיי, פארקויפן זייערע פּראָדוקטן, קויפן זיך איין נייטיקע חפצים און יעדער איז צופרידן.

דורכגעגאנגען די שיינע קארפאטן האָט מען פארלאָזט דעם אָלט און פאַר־נומען זיך קיין אפולום. פון דאָרט פירט א וועג לענגוים דעם טאָל פונעם טייך מורעש ביז פארטיסקוס איבערן טייך טיסא. דאָ און דאָרט באגעגנט מען א דאָרף וווּ סע זענען פאראן אָפּקלאנגען פון דעם וואָס סע האָט אָנגערופן „אל עליון“, א סינטעז פון יודאיזאנטן אָדער האלבע יידן מיטן דאקישן כמו־מאָנאָטעיזם, ר׳משה ווייסט נישט וואָס דאָס באטייט. ער באמערקט און גערענקט.

מיט שווערער מי האָט ער זיך דערשלאָגן קיין אינטערקיססא. דער דאָרטי־קער ראָש הקהל האָט אים אויפגענומען מיט כבוד. דאָ האָט ר׳משה ווידער גע־טראָפן א גרעסערע קהילה מיט א שיינעם שול, מיט יידן וואָס באדאַרפן אים. האָט ער ווידער אָנגעהויבן זיין ארבעט: לערנען מיט קינדער און יונגעלייט, דרשנען, איבערשרייבן, דאָס חומש, און... א נייס. ער האָט אָנגעהויבן פאַר־שרייבן אלץ וואָס ער האָט געזען און געהערט וועגן און פון יידן אין זיין לאנגער נסיעה. ער האָט געהאָפט אהיימצוקומען און ווייזן די גרויסע למדנים וויאזוי מע לעבט אויף דער וועלט. איז אזוינט אים נישט באשערט געווען.

אין א שווערן ווינטער האָט ער זיך שווער פארקילט און אינגיכן איז ער געשטאָרבן. מע האָט אים מקבר געווען מיט גרוים כבוד און אָפּגעהיט זיין כתב־יד צווישן די טייערסטע צירונג. דער אָנלויף פון גאָטן האָט חרוב געמאַכט דעם ישוב. אלץ איז אוועק מיטן פייער. פארבליבן איז דער אָנדענק פון א לערער און טוער אין אונדזערע קאנטן.

# מאָלדעווישער וועג

לאָמיך אייך דערציילן וועגן א נסיעה, וואָס עס האָבן געמאַכט צוריק מיט 600 יאָר יידישע סוחרים פון ביזאַנץ. איך זאָג יידישע מיט א האַלב מויל, ווייל זיי זענען געווען קראָים, קאַראימער, ווי אייניקע רופן זיי, און זיי האָבן נישט געהאַלטן פון דער תורה שבעל פּה. זיי זענען געווען גוטע סוחרים, מוטיקע רייזנדער און זיי האָבן געקענט באַשיצן זייער האָב און גוטס.

די מעשה איז געשען צוריק מיט א 600 יאָר. עס איז נאָך גוט געליגן אין מעם די טאָטערישע איבערפאַלן מיט רויבערייען, שריפות און פאַרשלעפּן אין קנעכטשאַפט פון פּאָריקן יאָרהונדערט. דער גרויסער האַנדלסוועג צווישן ביזאַנץ און פּוילן איז געווען ביז גאָר באַלעבט. סוחרים פון ביזאַנץ האָבן צונויפגעשטעלט קאַראַוואַנעס און געפירט קיין אייראָפּע כלאַרליי עקזאָטישע סחורות, וואָס מע האָט דאָרט טייער באַצאָלט: געווירץ, טייערע שטאָפן, זיידנס, ווייַרעך, בשמים, פעפער, צירונג, רפואות, טייערע שטיינער, טעפּיכער. און זיי האָבן צוריקגעפירט, אַלערליי טייערע פעלצן, בורשטין, רוי גאָלד, האַלב-טייערע שטיינער, און... גאָלד מטבעות.

האָט מען „געצויגן" איבער וועגן און שטעגן, איבער וועלדער און פעלדער, איבער בערג און טאָל דורכן באַלקאַנישן האַלב-אינדזל. האָט מען זיך אָפּגעשטעלט אין אכסניות, וואָס זענען געווען צעזייט רעכטס און לינקס פון דעם אויסגעטרעטענעם, כאָטש רויעם וועג, האָט מען זיך אָפּגעשטעלט אין דערפער, ביים ראַנד פון שטעט, זיך באַזאָרגט מיט וואַסער, מיט שפּייז פאַר מענטשן און פערד און ווידער זיך געלאָזט אין וועג אויף גאָטס באַראָט. אַמאָל האָט זיי באַגליקט צו האַלטן שבת אין איינע פון די יידישע אכסניות, וואָס האָבן באַגלייט די מייגסטע געפּאָרענע טראַקטן.

איינע פון אָט די געוואַגטע קאַראַוואַנעס האָט געהערט צו דריי קאַראימער שותפים: משה בן דוד, ענן בן אהרון און יוסף בן עזרא. זיי זענען געווען נעביטע גוסעים, געשיקטע סוחרים, באַהאַרציקטע מענטשן, וואָס קענען האַלטן אין דער האַנט א פּען צום רעכענען, א רענדל צו ציילן און א שווערד, כדי צו פאַרטיידיקן זייער לעבן, זייער פאַרמעגן, זייער כבוד. דאָס אַרומפאָרן איבער דער וועלט מיט זייער מיסחר קומט זיי בירושה. נאָך זייערע זיידעס און עלטער זיידעס פלעגן פירן סחורות קיין „רוס", אין די סלאַווישע קאַנטן פון מיזרח-אייראָפּע און פּוילן, נאָך איידער די טאָטערן זענען באַפאַלן און חרוב געמאַכט איי-

ראָפּע, צעשטערט לענדער און פעלקער. פריער פלעגן זיי פאָרן איבערן ים, איבער אקערמאַן, בענדער, לאַפּושנאַ, פּרוט און איבער סערעט קיין לוואָוו איצט פאָרט מען איבער די באַלקאַנס, איבער דער טונע און פון דאָרט קיין צפון, איבער מאָלדעווע.

ווי פאַר יעדער נסיעה האָבן זיי אַרייִנגעקוקט אין עלטערע באַריכטן פון מער באַקאַנטע רייזנדער. צווישן די מישפּחה-אוצרות האָט זיך געפונען א כתב יד „מסעות בנימין“ אָנגעשריבן פון בנימין פון טודעלאַ, וועלכער האָט גערייזט אויך אין די באַלקאַנס. דאָרט שרייבט ער, אז ערגעץ אין די וועלדער זענען אים באַפאַלן א מחנה „וואַלאַכן“, וועלכע רעדן אן אנדער לשון איידער די סלאַ-ווישע און גריכישע שכנים. ענן בן אהרון, וועלכער האָט איצט צום דריטן מאָל געמאַכט אָט די נסיעה, האָט דערציילט זיינע שותפים, אז ווייט ווייט ערגעץ איבער דער טונע, צפון צו, וווינען מענטשן, וואָס רעדן א לשון, וואָס איז נאָענט צום לשון פון אָט די באַלקאַנישע וואַלאַכן. און ווייל משה בן דוד וווּנדערט זיך וויאַזוי אזוינס איז מעגלעך, זאָגט ער אים: מיר וועלן אהין קומען וועסטו הערן מיט דיינע אייגענע אויערן“.

צווישן זיך האָבן אָט די טאָפּלט עקזאָטישע סוחרים גערעדט אראַמעיש און ביזאַנטיניש. זיי האָבן זיך אָבער געקענט אביסל איינפאַרשטיין אויף סלאַ-וויש און אייניקע פון זייערע אָנטרייבערס האָבן פאַרשטאַנען דאָס לשון פון די צפון — וואַלאַכן. מע מוז זיך דאָך איינפאַרשטיין מיט די מענטשן פון די ער-טער, דורך וועלכע מע פאָרט, ווו מע נעכטיקט, מע עסט און מע פרעגט זיך אויס וועגן וועג.

מע קען נישט זאָגן, אז דער וועג איז געווען זייער זיכער. אמאָל איז מען זיי באַפאַלן אין א געדיכטן וואַלד, נאָר זיי זענען געווען באַוואָפנט און „געקענט זייער שטעקל באַשטיין“. ביי די פּאַסטוכער און פּויערים קען מען איינקויפן מילכיקס, גרינוואַרג; פיש קען מען כאַפּן לרוב פון די טייכן און אָזערעס, וואָס מע טרעפט אָן, א הון קוילען די קראַים אליין (אז מע איז אָפּט אונטערוועגס, מוז מען קענען אלצדינג). פּרייטיק פאַרנאַכט שטעלט מען זיך אָפּ ערגעץ לעבן א ישוב. קיין פייער צינדן זיי נישט אָן, ווייל די תורה פאַרזאָגט אזוינס און זיי האַלטן שטרענג צום „אות“ און זיי וואַרפן אָפּ די תורה בעל פּה, דעם תלמוד מיט אַלע זיינע קאָמענטאַטאָרן.

געוויינטלעך רייזט מען צווישן אייר און אלול. מע האַלט זיך אין די אויס-געטרעטענע וועגן, מע פאָרט מיט א פּאַראָם איבער די פליסנדיקע טייכן: מע פאַרלאָזט זיך אויף די געניטע אָנטרייבערס און אויף די אָרטיקע וועגווייזערס.

די טונע זענען זיי אריבערגעפאָרן ערגעץ צווישן בדאילא און נאלאָץ. דאָ האָט מען גערוט א טאָג. מענטשן און חיות האָבן דאָס געדאַרפט נעטיק. דערצו האָט מען דאָ איינגעקויפט ביליק פיש, פרישע און געזאַלצענע, מע האָט געקענט, עסן א פריש איי, אָפּקאָכן א רעטשקע, אָפּכאַפּן דעם אָטעם.

פון דעם לאנגן וועג זענען עטלעכע פערד ביז גאָר אויסגעמאַטערט. צום גליק וועט מען באלד דורכפאָרן דעם קאנט פון די בערלאַדניקעס און מע וועט דערגיין צום קאנט פון יאס. דאָ געפינען זיך אסך גוטע פערד און מע קען זיי נעמען אין גלייכן געלד. סיי ווי וועט מען זיי קענען פארקויפן אין פוילן מיט פארדינסט, ווייל צוריקצוועגס פירט מען ווייניקער משא, באדארף מען ווייניקער פערד און ווייניקער גוטע. א גוטער סוחר ווייסט צו באקומען פארדינסט פון יעדער קלייניקייט. באלד קומט מען נעענטער צו דער רעזידענץ פון דעם נייעם פירשט, וועלכער הערשט איצט כמעט איבער גאנץ מאָלדעווע. זענען טאקע די וועגן זיכער, איבער די וואסערן האָט מען מיט וואָס אריבערצופאָרן און די שטעט „מענטשן" זיך. דער פירשט אליין קויפט אויך אביסל זיידנס ביי די סוחרים און זיינע סוחרים באזאָרגן פאר די קאראימער איידעלע פעלן, פלאנצן אויף רפואות און אויף פארבן. זיי זאָגן אים צו באזאָרגן פון צפון־פוילן בורשטינענע קארעלן.

פון סערעט פאָרט מען ווייטער קיין קאָלאָמיי, פון דאָרט קיין לוואָוו און ווייטער, דאָ זענען פאראן ארמענישע סוחרים, געניטע אין זייער פאך, פארקויפט מען זיי א טייל סחורות, אבי נישט צו דארפן זיך שלעפן ווייטער איבער פרעמדע מקומות.

ליגן די דריי שותפים אמאָל אין א שלאָפלאָזער נאכט, אין א ווייטן האר־בעריק, טראכט זיך יעדער אין דער שטיל ווי גוט עס וואָלט געווען אן אייג ווינקל, קומט מען צום אויספיר, אז עס איז ווערט צו באזעצן אין אָט די מקומות עטלעכע אייגענע קאראימער. אי זיי וועלן דאָ אויסנעמען מיט זייערע מלאכות און סחורות, אי עס וועט זיין אן אייגענע קהילה, אן אייגן ווינקל.

און אזוי איז טאקע געשען: צוריקגעקומען פון דער לאנגער נסיעה האָט מען אויסגערוט און צונויפגעשטעלט א גרופע פון אָרעמע, געטרייע קרובים, האָט מען זיי מיט דער ערשטער נסיעה מיטגענומען איינעם מיט א נייעם סאָרט סחורות, וואָס מע קען אליין פארקויפן דעטאיל, ארויסבאקומען א פריווילעגיע פונעם פוילישן „וואָיעוואָדע" און זיי באזעצט אין גאליציע. די אָרטיקע אשכ־נזישע יידן זענען נישט געווען צופרידן פון דער קאָנקורענץ אין יעדן פרט, גאָר עס האָט זיי נישט געהאָלפן.

מיט אן אייגענעם „פיליאל“ אין גאליציע, מיט א נייעם פירשט אין מאָל-דעווע, וועלכער האָט געהערשט איבערן גאנצן לאנד, האָט זיך געקענט אנטוויקלען א ברייטער האנדל און איינגיכן וועלן אשכנזישע יידן און קריסטלעכע סוחרים פאָרן אָפט איבער דעם פארבעסערטן מאָלדעווישן וועג. עס וועלן אויסוואקסן יידישע קהילות אין גרעסערע שטעט פון מאָלדעווע. עס וואקסט א ישוב.

# יאָרן

„יאָרן גייען, יאָרן פליען, יאָרן יאָגן אָן א שיעור ...“

עפּעס באַמבלט זיך אים אין קאָפּ א ליד פון די יונגע יאָרן (נישט היינט געדאַכט, זאָגט ער זיך אין א שפּאַס). זינגט גאַנצפרי לאָזט עס אים נישט רוען. איצט, אז מע זיצט ארום דעם שיין געדעקטן טיש לכבוד זיינע 77 יאָר און די מישפּחה און גוטע פריינד ווינטשעווען „ביז 120“, אָן אויפטוער דערמאָנט אפילו די צאָל 150, הערט ער יעדעס וואָרט פון יענעם ליד און ער פארשטייט בעסער דעם מיין ער, אברהם פידלער, מיטן נאָמען „בערנשטיין“, זיצט אויוונאָן אויף שטול, וואָס איז עלטער פון דעם צוואַנציקסטן יאָרהונדערט; לעבן אים זיצט זיין „אלטיטשקע“, ראָזא, שוין אויך נישט קיין יונגערמאַן (א פרוי פרעגט מען נישט ווען זי איז געבוירן!). אויב זיי וועלן דערלעבן איבער פינעף יאָר וועלן זיי קענען פייערן די בריליאַנטענע חתונה זייערע, זעכציק יאָר זינט יענעם גליקלעכן „הרי את ...“

ניטיש אלע קינדער, אייניקלעך און אוראייניקלעך זיצן דאָ ארום טיש. איי־ניקע פון זיי יומטובן דעם טאַטנס געבוירן־טאָג ערגעץ ווייט, ווו דער גורל האָט זיי פארטראָגן; זיי וועלן אָבער באַלד טעלעפאָנירן, כדי צו הערן דאָס קול פון טאַטע־מאַמע און אָנווינטשן לאַנגע יאָר און א גוטע עלטער. אָבער אויך אָן זיי זיצן ארום דעם אויסגעצויגענעם טיש קנאַפּע צוויי מנינים געסט.

„כטוב לב ... המלך“ ... נאָכדעם וואָס מע האָט אביסל אונטערגעזינדיקט מיט א נוט ביסל עולם הזה, האָט מען געבעטן דעם בעל־יובל ער זאָל עפּעס דער־ציילן פון אמאָל. האָט ער דאָך פארענדיקט די קאָנסערוואַטאָריע אין די שווערע צייטן פון ערשטער וועלט־מילחמה; האָט ער דאָך מיטגעמאַכט „קאַלטס און וואַ־רעמס“ און דער עיקר, ער איז געווען און געבליבן א באַליבטער מוזיקער, ליב־האָבער און קענער, א פארשפּרייטער און שעצער פון רומעניש און יידישער פאָלקס־מוזיק, וואָס דערוואַרעמט די הערצער און דערקוויקט די נשמה. הייבט ער אָן צו דערציילן.

איך וועל נאָכדערציילן אלץ, וואָס ער זאָגט, נישט צוגעבן און נישט אראָפּ־נעמען. ער ווייסט, אז זיין לעבן איז א רינג אין א קייט, א קייט וואָס ציט זיך איבער דורות צוריק און פאָרויס; ער ווייסט, אז ער האָט ערגעץ וואָרצלען און ער וויל דערגיין צו זיי. נאָך פון די יונגע יאָרן האָט עס אים געצויגן צו דער־גרונטעווען דעם שורש פון זייער מוזיקאַלישער גזע. טאַטעס, זיידעס, עלטער־

זיידעס זענען געווען קלעזמערס, מוזיקאנטן, מוזיקערס; אייניקע זין און אייניקלעך זענען, ווער א דיריזשאָר, ווער א שפּילער אין אָרקעסטער, ווער א סאָליסט צי אפילו א קאָמפּאָזיטאָר. אפילו די „אנטלאָפענע“, די דאָקטוירים, אינזשינערן, טעכניקערס אין דער מישפּחה זינדיקן אויך אונטער אויף א פּיאנאָ, א פידל אָדער כאָטש אן אקאָרדעאָן ... הייסט עס: מע דארף זוכן די וואָרצלען, ווייל וואָס טיפער די וואָרצלען, אלץ ברייטער צעצווייגט זיך דער בוים ...

פון אזא מין פייערלעכן ארײנפיר ווערט דער עולם גאָר ערנסט. געוויינטלעך איז אברהם א פרייעלעכער, א וויציקער, א גרינגער שמועסער. דאָס מאָל פילט מען אָבער אז ער וויל עפּעס איבערגיבן בירושה, א מין גייסטיקע צוואָה. די באָבע ראָזע מיינט, אז ער איז צו ערנסט פאר אזא יום טוב, טוט זי א מאך: „וואָס פּלוצעם האָסטו דיך גענומען אויסגראָבן אלטע מעשיות? יונגע מענטשן (ביי איר איז מען יונג ביז מע גייט אויף פּענסיע) ווילן וויסן וואָס מאָרגן וועט זיין, נישט וואָס עס איז געווען נעכטן.“

די ייִנגערע פארזיכערן זי אָבער, אז עס איז פאר זיי אינטערעסאנט צו הערן דעם זיידנס שמועס וועגן אמאָליקע יאָרן. דער עלטערער זון זאָגט דער מוטער, אז דער טאטע איז גערעכט, ווען ער וויל באווייזן, אז די בערנשטיינס זענען נישט קיין „דריי פאר א פּארע“. ראָזא בלייבט ביי אירן: „אויב איר ווילט אלטווארג קען איך אייך ווייזן מיין חופּה-קלייד. איך קוק דאָס אָן און ... איך זע מיך, וואָס פאר פּנים איך האָב“.

דער עולם ווייסט שוין, אז די באָבע וואַרט אויף א קאָמפּלימענט. זאָגט מען איר, אז זי זעט אויס שענער פון אסך ייִנגערע. און מע רופט אויף שבנים, אמאָליקע באקאנטע און אפילו אן אקטריסע, וואָס זעט אויס „ווי מיינע צרות“. לאָזט זי שוין אברהמען ווייטער רעדן און דערציילן.

אין די דרייסיקער יאָרן האָט מען זיך אינטערעסירט מיט מוזיקערס פון רומעניע, מיט דעם מוזיקאלישן לעבן פון אמאָל, מע האָט גענישטערט, געזוכט אקטן, בילדער, פּארטיטורן, זיכרונות, אנאָנסן, אפישן, רעצענזיעס. האָט ער זיך געפרייט. מיט דער צייט האָט ער אָנגעהויבן טראכטן, אז ייִדן פון רומעניע זענען אויך נישט געווען קיין „הינקענדיקע שניידערס“, אז אסך פון זיי זענען ווערט, אז מע זאָל זיי נישט פארגעסן. אין צווישן איז היטלער געוואָרן דער בעל הבית איבער דייטשלאנד און אלע ייִדישע שונאים האָבן זיך צעשפּילט: וואָס עס איז שפּעטער געשען ווייסט מען שוין.

א מינוט שווייגט ער. מע דערמאָנט אין יאַסער פּאָגראָם פון יוני 1941, אין די שווערע אנטאָנעסקו-צייטן, מיט די ראסיאלע געזעצן, מיט דער צוואנגארבעט, מיט אלע צרות און גזירות. ייִדישע מוזיקערס האָבן נישט געמאָרט

שפּילן מיט „אַרישע“ קאַלעגן און אויף „אַרישע“ חתונות. איז מען געווען אָנ־געוויזן נאָר אויף יידישע שימחות, האָט מען טאַקע אַזוי אויסגעזען. סיי גייסטיק, סיי מאַטעריעל. מע איז געווען פאַרטריבן פון ביידע וועלטן.

האָט מען געמאַכט אייגענע כּמו שולעס, האָט מען צונויפגעשטעלט אייגענע אָרקעסטערס, טעאַטערס, וואָס האָבן געשפּילט, פאַר א נויט, אין שילן.

דעמאָלט האָבן אַסך דערפילט ווער און וואָס זיי זענען; האָט מען גענומען זוכן קוואַלן און וואָרצלען, האָט מען אויף רומעניש געפּראַוועט יידישקייט, נישט דווקא רעליגיעזע. האָט מען צונויפגעזוכט אַלערליי באַווייזן וועגן יידישן „צושטייער צום לעבן דאָ אין לאַנד. און די מוזיק איז געווען „נישט צום ערגסטן ער האָט אויך געוווּסט וועגן דער אייגענער מישפּחה, אַז זיי זענען שוין אַסך דורות פאַרטאָן אין מוזיק, אין נגינה.

דער בעל-יובל כאַפּט דעם אָטעם און ראָזאַ דערלאַנגט אים א טרונק (פון אַזויפיל רעדן ווערט טרוקן אין האַלדז). דערנאָך דערציילט ער, ווי ער האָט אַרומגעזוכט אין אַלטע שיפלאָדנס, אין קאַסטענעס, קופערטן, רענצלעך און „קאַמאָדן; ווי ער איז געקראָכן אויף בעדעמער, געזוכט אין קעלערס, אויסגעפרעגט אַלטע מוזיקערס, טעאַטער-פּאַטריאָטן און ליבהאָבערס פון מוזיק, אַקטאָרן און אימפּרעסאַרן און סתם יידן פון א גאַנץ יאָר.

עס איז אים אַפילו געלונגען צו געפינען א נאָטן-ביכל.

אברהם הייבט זיך פּאַוואָליע אויף פון דער שטול, און מאַכט א סימן מיט דער האַנט ווי איינער רעדט: וואַרטס א ביסל“. ער גייט אַריין אין זיין צימער און ער קומט אַרויס מיטן „אוצר“. קודם ווייזט ער אים פון דער ווייטנס, דער נאָך לאָזט ער יעדן אייגעם נעמען דאָס העפט אין דער האַנט און א בלעטער טון. ער וועט זיי דערציילן, וואָס עס געפינט זיך אין דעם: פאָלקסלידער און טעאַטער-לידער, חסידישע און בדחנישע לידער, לידער וועגן א שריפה אין באָטושאַן און וועגן יאַסער דאָקטער טאַוזיק, עמיגראַציע — לידער און תפילות, האָרעס און סירבעס און חתונה-טענץ. אייניקע האָבן אונטערגעשריבן די נאָטן אַפילו מיטן דאַטום, מיט יידישע אָדער לאַטייניש אותיות. אַפילו מיט א זיגל. דער עולם איז דערציטערט. אָט דאָס ביכל האָט אָנגעשריבן אַן עלטער-עלטער זיידע ...

דער עלטערער זון מאַכט צום טאַטן: „גענוג פאַר היינט; דו טאָרסט דיך נישט צופיל אָנמידן. וועסט אונדז דערציילן מאָרגן און איבערמאָרגן.“ די יינ־גערע פּראָטעסטירן; זיי ווילן הערן ווייטער, דער זון לאָזט זיך נישט איבער־רעדן. אברהם באַרויקט זיי: „אין מיינע יאָרן לאָזט מען נישט איבער אַן אַרבעט אויף מאָרגן. מע ווייסט נישט צי עס וועט זיין אַזאַ מאָרגן. איך האָב פון באַצייטנס

געטראַכט צו דעם און פאַרשריבן. זינט איך האָב מיך פענסיאָנירט בין איך געוואָרן אַ גאַנצער היבטאָריקער. איך האָב גאָבגעפרעגט לערערס און אין די אַרכיוון און וווּ איר ווילט נאָר הערן און געדענקען. אַלצדינג איז ביי מיר פאַר־שריבן: דאָס וואָס איך וועל אפשר נישט באַווייזן צו דערציילן, וועט מען קענען לייענען".

מע האָט זיך צעזעגנט, צעקושט, אָנגעווינטשן ביז 120, אַנדערע ווילן שוין 150, אַברהם מאַכט שפּאַסיק: „דינגט אייך נישט איבער מיינע יאָרן; און גיט נישט קיין איבערפּרייז. יאָרן זענען קיינמאָל נישט גענוג אַ מענטשן, אפילו ווען עס איז צופיל".

ער גיט איבער דאָס העפט דעם עלטערן זון און זאָגט זיי צו, אַז אויב „דער אייבערשטער וועט נאָר שענקען די יאָרן", וועט ער נאָך צודערציילן צו דעם אָנגעשרי־בענעם. מע וועט מעגן פרעגן און ער וועט ענטפערן, וואָס ער וועט קענען. ער נעמט ראָזאַן אונטערן אָרעם און מע גייט אַריין אין איינענעם צימער.

*

עטלעכע יאָר נאָך אָט דעם יומטוב. ביידע אַלטע לייט זענען שוין אויפן עולם האמת. די מישפּחה האָט מיר איבערגעגעבן דעם אַלטן אַברהמס זיכרונות מיט דער בקשה איך זאָל זיי איבערדערציילן אויפן פּאַפּיר און אָפּדרוקן ערגעץ. איך האָב צוגעזאָגט און, אָט האַלט איך וואָרט. די זיכרונות זענען געווען פאַר־שריבן אויף לויזע בלעטער, אַמאָל פון אַ שולע־העפט, אַמאָל אויף בריוו־פּאַפּיר אַמאָל אפילו אויף גאָטן־פּאַפּיר. די שריפט איז נישט תמיד גענוג קלאָר, אויך דער סטיל איז נישט תמיד „ליטעראַריש". האָב איך מיר גענומען צייט איבער־צושרייבן, אויסצורעדאַגירן און געטריי זיין ווי ווייט עס איז נאָר מעגלעך אַברהמס כוונות.

אָט ווי ער הייבט אָן אַ קאַפּיטל: „יעדער ווייסט, אַז די רומענער, די וואָלעכן, ווי די ייִדעם פלעגן זאָגן, זענען אַ מוזיקאַליש פאָלק, מיט אַ שיינער פאָלקס־מוזיק און מיט גוטע מוזיקאַנטן, פונעם פּשוטן קלעזמער ביז צו אַ „ענעסקו". איך האָב אָפּגעלעבט אַ לעבן מיט רומענישע מוזיקאַנטן און מוזיקער, ווייס איך וואָס איך רעד. מע ווייסט אָבער פונקט אַזוי גוט, אַז ייִדישע קלעזמער, איבער־הויפּט אין מאָלדעווע און אין מאַרמערעיש, זענען געווען באַרימט נישט נאָר צווישן ייִדן.

און נישט נאָר פון די לעצטע יאָרן, נאָר טאַקע פון צוריק מיט הונדערטער יאָר. אָט, אַשטייגער ..." און אַברהם פאַרצייכנט אַלצדינגס, וואָס ער איז דערגאַנגען.

נאָך אין יאָר 1744 האָט דער מאָלדעווישער וואָיעוואָד, דער לאַנד-פירשט, באַפרייט פון שטייערן זיין הויף-מוזיקער „ שלמה צימבאַליסט, דער ייד פון יאס״. מע ווייסט, אז ער איז אריבערגעקומען פון פוילן ערגעץ נאָך כמעלניצקים שחיטות און זיך דאָ פארוואָרצלט. ער איז צווישן די ערשטע, וואָס האָבן אריינגעבראַכט קיין רומעניע דעם צאַמבאַל (נישט צו פארבייטן מיט דעם קליינעם אינסטרומענט צימבל, א מין פרימיטיווע באַגלייט-מאַנדאָלינע). ער האָט מיטגעבראַכט פון פוילן אָט דעם קאַסטן מיט לאַנגע סטרונעס אויף וועלכן מע קלאַפּט מיט לאַנגע שטעקעלעך, פארוויקלטע אין וואַטע אויפן שפּיץ. אויך אין פוילן זענען יידישע צימבאַליסטן געווען א שם דבר. ביי אונדז אין מאָלדעווע און בוקעווינע, נישט ווייניקער.

שלמה איז דער פערטער דור קלעזמער זינט די מישפּחה וווינט אין רומעניע. ער שפּילט אין „הויף״ פונעם פּרינץ, אָבער אויך ביי פּריצים און אויף רייכע יידישע חתונות.

זיין זיידע האָט געשפּילט אין יאָר 1788 פארן פראַנצויזישן רייזנדער פּרינץ דע לין ווען יענער איז געווען צוגאַסט אין יאס. א ייִנגערער ברודער האָט אָנגע-פירט מיט א קאַפּעליע אין באָטושאַן. ער איז געווען א באַרימטער פידלער און פּריצים פלעגן זיך רייסן איבער אים. ער פלעג פאָרן אין קלענערע ישובים און אויסלערנען די קלעזמערס, יידן און נישט-יידן, פון דערזעלבע קאַפּעליע, נייע ניגונים, צומאָל זיינע.

שלמהס זון, דוד האָט אויך אָנגעפירט מיט א קאַפּעליע, וואָס פלעגט שפּילן אין די הויכע פענצטער. מע קען אָננעמען, אז ער האָט גענאָסן פונעם פאָטערס פּריווילעגיעס.

שפּעטער איז אונדזער אברהם פידלער געוואָרן געוואָרן, אז אין יאָר 1816 האָט דודס אן איידעם, מאיר פידלער, מיטגעשפּילט מיט זיין באַרימטער קאַפּעליע אויפן נאָמענסטאָג, געאָרגע, פון א באַרימטן מאָלדעווישן באָיאַר, ראָזנאָוואַנו: דאָס איז נישט געווען קיין קלייניקייט, ווייל די קאָנקורענץ איז געווען א גרויסע. אויף דערזעלבער שימחה האָבן נאָך געשפּילט די באַרימטע קאַפּעליע פון אַנגע-לוצאַן, א „דייטשע״ קאַפּעליע, דאָס באַטייט מסתם, אייראָפּעישע מוזיקער, דייטשן אָדער איטאַליענער, פּייעריקע ציגיינערישע „לאַוטאַרעס״ א טערקישער אָרקעס-טער און גרעקישע זינגערס. דוד האָט ניט פארשעמט דעם שם פון דער מישפּחה, ווייל די געסט האָבן אים שיין באַלוינט מיט גאָלדענע רענדלעך.

אָבער נישט תמיד האָט מען געהאַט אזוינע טעג. געווען צייטן, ווען מע האָט געמוזט ארומפאָרן איבער שטעט און שטעטלעך, מאַכן שותפות מיט אָרטי-

יקע קלעזמערס, וועלעכע זענען געווען באליבט ביי די אָרטיקע פּריצים, כאָטש יענע האָבן געהאט אייגענע ציגיינערישע קאַפּעליעס.

די איינצלנע בלעטער פונעם געשיכטע-בוים האָבן באוויזן אונדזער אברהמען אז אין זיין מישפּחה האָט מען געשפּילט אויף אלערליי מוזיקאלישע אינסטרומענטן. ארום 1860 האָט א בערנשטיין געשפּילט צאמבאל אין דער קאָמפּאניע, וואָס עס אָנגעפירט יעקב פּסנתר, וועלעכער איז שפּעטער בארימט געוואָרן ווי א יידישער כראָניקער. אן אנדער מיטגליד פון דער מישפּחה האָט אין יאָר 1839 אָנגעפירט מיט א באליבטער קאַפּעליע. דאָ האָבן געשפּילט א צאמבל, א באס, א קלארינעט, טאצן און ... פידלען. דריי יאָר שפּעטער האָט ער געשלאָסן א שותפות, א קווארטעט, איניינעם מיט יידישע קלעזמערס. מע קען אפילו זייערע נעמען: דוד מישאָוויטש, מענדל מיניקאוויטש און הערש אראָנאָוויטש, אפשר אריבערגעקומענע פון קעשענעוו, ווו עס איז דעמלט געווען א בארימטער קלעזמערישער צעך פון רומענער, יידן און סלאוון.

די נייע קאָמפּאניע האָט געזוכט פּרנסה אין מרחקים. זיי זענען געפאָרן קיין גאלאץ און פון דאָרט מיט דער שיף קיין „כטאָמבל“, קאָנסטאנטינאָפּאָל, ווו מע האָט געקענט האָבן פּרנסה. אויב מע האָט נישט געמאכט קיין גליקן „האָט זיך דאָס שטיקל ברויט געשלעפּט“ ...“ אין דער היים, אין מאָלדעווע, זענען געוועזן צופיל קלעזמערס און צו ווייניק שימחות. אין אזא שטאָט ווי באָטושאַן זענען געווען פארשריבן אין יאָרן 1845 נישט ווייניקער ווי פיר קלארנעטיסטן, פיר באסן, דריי פידלערס, פיר צימבאליסטן און ... דריי בדחנים, דאָס וואָלט געקענט באטייטן, אז עס זענען דאָרט געווען פיר אָרקעכטרעס. ווי איר זעט איז דאָס לעבן פון א פרייליכמאכער גאָר נישט קיין פריילעכס.

פון יאס איז דאָך שוין אָפּגערעדט. ווי אן אלטער יאסער האָט אונדזער אברהם זיך באזונדערס אינטערעסירט מיטן יאסער קלעזמערישן צעך, זייער חבורה. יעדער חברה-מאן (מיטגליד, בלע׳ז) האָט איינגעצאָלט עטלעכע פּארעס א וואָך. פון אָט די גראָשנס האָט זיך אָנגעזאמלט א היפּש ביסל רענדלעך און מע האָט געקויפט א פּלאץ פאר אן אייגענער שיל. דאָס איז געשען אין יאָר 1846 און מע האָט באצאָלט פארן פּלאץ גאנצע 130 רענדלעך. שפּעטער מיט פינף יאָר איז די פּרנסה געווען געשלאָגן. א מיטגליד פון דער מישפּחה האָט געמוזט זוכן פּרנסה איבערן לאנד. האָט ער געדונגען א פערד און וועגעלע (ער וועט אליין זיין דער אָנטרייבער, מע מוז שפּאָרן הוצאות) און זיך געלאָזט אין וועג אויף דריי חדשים. אזוי קלינגט די דערלויבעניש, וואָס די יאסער פּאָליציי האָט אים געגעבן, כדי ער זאָל מעגן ארומפאָרן איבערן לאנד. מע דארף אָנגעמען, אז איינער אליין האָט ער נישט געשפּילט. ער האָט זיך אוודאי סקאָמפּאניעוועט

מיט אַרטיקע קריסטלעכע און יידישע מוזיקאנטן. אַט דער פידלער, יוסף בר דור, האָט אויף זיך גענומען דעם גורל פון יידישע וואנדערנדיקע קלעזמערס און זינגערס, דעמלט ווען עס איז געווען קנאַפּ פּרנסה אין דער היים. אין די נייע מקומות איז מען געוועגן א גאָווינע.

איצט ברענגט דער אַלטער אברהם אייניקע באַמערקונגען וועגן אַמאָליקע שידוכים. געוויינטלעך פלעגט מען זיך מישדך זיין נאָר „אין אייגענעם גראַה״: א שוסטער מיט א שוסטער, א שניידער מיט א שניידער, א סוחר מיט א סוחר. אַמאָל האָט א בעל מלאָכה געטאָן א שידוך מיט א בעל-מלאכה פון אן אנדער פאך. א „פּראָסטאַק״ (אזוי האָבן האנטווערקער ביי אונדז גערופן דעם סוחר) האָט זיך זעלטן „אָנגעקערט״ מיט א בעל-מלאָכה, סיידן יענער איז רייך גע-וואָרן. צוליב דעם באַהעמיעניש קנייטש פון דער פּראָפעסיע האָט מען אין קלעזמערישע קרייזן חתונה געהאט נאָר צווישן אייגענע מוזיקערס. אזוי איז געשען אויך מיט די בני בערנשטיין, אברהמס אבות.

א פידלער-טאָכטער, לאה, האָט זיך פארקנסט פאר א מענדל, אן אויסגע-רופענער פידלער. אַט דער מענדל האָט זיך איינפארשטאנען מיט דריי רומע-נישע מוזיקערס, די ברידער פּאון, זין פונעם בארימטן בארבו לאוטארו, און מע איז ארויסגעפאָרן אויף קאָנצערטן קיין טערקיי. מענדל פלעגט איבערשיקן דאָס געלד פאר אלע פיר מישפּחות צו זיין ווייב און זי פלעגט רופן די פרויען פון די קלעזמערס און זיי אויסצאָלן רענדלעך; עס איז געווען דערביי דער עלטסטער פונעם קלעזמערישן צעך. אברהם האָט אָפּגעהיט ווי אן אבן-טוב אזא מין קוויטונג מיטן דאטום 11 מאי 1856.

אזעלכע אָפּמאכן האָט ער פארמאָגט עטלעכע אין זיין „ארכיוו״. לויט אן אָפּמאך האָט זיין זיידנס א פעטער, דוד פידלערס זיך צונויפגעשטעלט אין יוני 1887 מיט נאָך קלעזמאָרים, דריי רומענער, דריי יידן און מע האָט אויפגע-שטעלט א קאָמפּאניע, וואָס האָט אָנגעמאכט א רושם.

נאָכן פינאנסיאָנירן האָט אברהם פעסטער גענומען זוכן אין אַמאָליקע ציי-טונגען. יעדער ווייסט וועגן דער בארימטער מישפּחה יידישע מוזיקערס ל ע מ ע ש. איינער פון זיי האָט געהאט צרות פון דער צארישער רעגירונג, ווייל ער האָט גע-שפּילט רומענישע מוזיק אין באסאראבישע שטעט און דערפער. א ברודער זיי-נער האָט אָנגעפירט דעם אָרקעסטער פונעם יאסער נאציאָנאַל טעאטער און מיטגעפאָרן אויף טורנעס קיין טראנסילוואניע, וווּ מע האָט זיך געקוויקט מיט דעם טעאטער.

א באזונדער פארגעניגן האָט אברהם געהאט ווען ער איז דערגאנגען מיט זיינע זוכענישן צו דער צייט, ווען אברהם, זיין נאָמענסטרעגער, גאָלדענפאָדעמס

איז אראָפּגעקומען קיין יאַס און געגרינדעט דאָס ערשטע פּראָפעסיאָנאַלע טעאַטער אויף יידיש. ער איז געווען איבערראַשט און צופרידן צו טרעפן הי אַזוי פיל גוטע מוזיקאַנטן. עס איז געווען מיט וועמען צו אַרבעטן. עס האָבן זיך אויפגעהיט אין דער מישפּחה בילדער פון פעטערס, שוועסטערקינדער, איידעמס און שוואָגערס, וואָס האָבן דעמלט און אין די ווייטערדיקע יאָרצענדליק מיטגעשפּילט אין די יידישע און רומענישע טעאַטערס פון הי.

אברהם שרייבט: מע זאָל נישט מיינען, אַז ער פאַרפּוצט דעם אמת, אַז אַלצדינג איז געווען אידיליש אין זיין מישפּחה. סוף ניינצטן יאָרהונדערט האָט פּאַסירט אַז אַ יינגל, אַ קלעזמערל, וואָס איז אַרומגעפאָרן איבער דערפער האָט זיך פאַרליבט אין אַ מיידל פונעם דאָרף, די טאָכטער פון אַ דאָרף-שרייבער. עס האָט שוין געהאַלטן ביים חתונה האָבן. פאָרן אָפּשמדן זיך האָט מען אים גיך אַרויסגעכאַפּט פונעם קאָן, אים מיטגענומען אויף אַ טורנע קיין בולגאַריע און טערקיי; האָט ער זיך אָנגעזען אַ וועלט, אָנגעהערט רייד און איז צוריקגעקומען אַן אויסגעניכטערטער. איבעריקנס האָט מען אים נישט געלאָזט פראַנק-און-פריי, נאָר אים חתונה געמאַכט מיט אַ שיינער אָרעמער יתומה און, ווי זאָגט די מעשה, זיי האָבן אָפּגעלעבט אַ לעבן, געהאַט קינדער און קינדס-קינדער און... געלאָזט הערן פון זיך.

אַמאָל האָט פּאַסירט, אַז אַ קלעזמערישע טאָכטער האָט זיך פאַרזינדיקט מיט אַ לײַדיק בחורל. אַזוינס נעמט מען נישט אַריין אין דער מישפּחה. האָט מען זי אַרויסגעשיקט קיין לאָנדאָן צו אַ מחותן, אַ שניידער. האָט זי געאַרבעט און מיט דער צייט געוואָרן אַ בכבודיקע מאַמע פון קינדער. אינדערהיים פלעגט מען אויף איר זאָגן: „עס האָט איר צוגעשפּילט". אירע אַ טאָכטער איז דערנאָך געוואָרן אַ געראָטענע זינגערן אין „יידישן טעאַטער פון אַמעריקע.

*

די גאַנצע מישפּחה האָט באַזונדערס שטאָלצירט מיט מוזיקאַלישן אַלבום, אַן האַנט-געשריבענער, ווו עס זענען געווען נאָטירט הונדערטער ניגונים פון דעם רעפּערטואַר וואָס די בערנשטיינס, דער טאַטע, דריי בנים און אַן איידעם, האָבן קאָמפּאָנירט, אָפּקאָפּירט אָדער גענאַשט פון ערגעץ; ווו חוץ טעאַטער-מוזיק און רעליגיעזע מוזיק זענען געווען אַ מענגע מיט האָרעס, סערבלעך („האָרע פון מיצרים", „סערבל פון אַמעריקע") און לידער אויף אַקטועלע טעמעס: „די שריפה פון באָטושאַן", „ליד פון דאָקטאָר טאוזיק" „די עמיגראַנטן", „דער אָדעסער פּאָגראָם"; עס איז אַפילו געווען מוזיק אויף אַ ליד פון יעקב גראָפּער;

די יונגנט האָט דאָס ליד געזונגען אויף די שבתדיקע טרעפענישן אין דער יאסער „טויגבעהאַלע". אברהם האָט דאָס ליד אויסגעשפּילט אויפן פידל עטלעכע חד־שים פאר זיין אַפּלעבן. די קינדער האָבן עס אויפגענומען אויפן מאַגנעטאָפאָן. איך וואָלט געדאַרפט צוגעבן צו אָט דער דערציילונג א שטיקל באַנד מיט אָט דעם ליד, ווייס איך נישט צי איר האָט א מאַגנעטאָפאָן. באמת אן עבירה.

אין זיין לעצטן לעבנס־יאָר פלעגט אברהם אָפט אריינקוקן אין דעם אלבום, געגלעט דעם סאַמעטענעם אייגבאַנד און געשעפּט נחת פון אונטערשריפטן מיט יידישע און רומענישע אותיות אברהם־אדאָלף, משה־מאָריץ, וועלוול־לופּו. דער לעצטער האָט אפילו פאַרענדיקט די יאסער קאָנסערוואַטאָריע.

מיט בענקשאַפט האָט דער אַלטער פידלער געבלעטערט פון זיין אייגענעם ספר החיים: אפּישן פון יידישן טעאַטער, ווו ער האָט מיטגעשפּילט אויפן פידל, דיריגירט, קאָמפּאָנירט, בילדער, אמאָל אן אנאָנס אין א צייטונג צי אפילו א שטיקל רעצענזיע, אָדער א בילעט פון א פילאַנטראָפּישער פאַרוויילונג. ער האָט זיך געפרייט מיטן ארבעטס־מעדאַל, וואָס ער האָט באַקומען בעתן פייערן 80 יאָר יידיש טעאַטער אין רומעניע. אסך פאַרגעניגן האָט אים פאַרשאַפט, ווען ער האָט זיך באַגעגנט מיט עלטערע מענטשן, וואָס האָבן אים געהערט שפּילן און אים נישט פאַרגעסן.

ער זיצט אָפט פאַרן ראַדיאָ, פאַר דער טעלעוויזיע; ער הערט גערן שפּילן אויף א מאַגנעטאָפאָן אָדער קאַסעטאָפאָן. ער דערמאָנט זיך אין די יונגע יאָרן, ווען א פּאַטעפאָן מיט א גרויסער ליקע איז געווען א שם דבר. און איצט. יעדעס שאַכטיקל טראָגט זיך ארום מיט א טראַנזיסטאָר.

נאָך זיין אָפּלעבן האָבן די קינדער זיך אמאָל צערעדט וועגן טאַטנס זוכן די וואָרצלען פונעם אייגענעם שטאַם. ביז אן אייניקל האָט זיך ארויסגעזאָגט: „מיר זענען ווי א גרויסער בוים מיט לאַנגע ווייטע צווייגן, מיט געבן־ביימער; אָבער אַלצדינג נעמט זיך פון דעם אַלטן שטאַם, מיט זיינע טיפע וואָרצלען אין דער היימישער ערד".

א בוים וואָס לאָזט פון זיך הערן.

# דאָס לעבן איז קורץ

אזוי זאָגט מען געווײנטלעך: דאָס לעבן איז קורץ. דאָס זאָגט א צוואנציק יעריקער און אפילו א... הונדערטיעריקער. דאָ נישט לאנג האָב איך א פרעג געטאָן אן אלטע באקאנטע, אין טאָג „ווען מיר האָבן געפייערט איר הונדערטסטן געבוירן-טאָג: „נו, וואָס זאָגט איר אצינדערט? דערויף האָט זי געענטפערט: „וואָס עס איז ביז איצט געווען, האָט מען געזען, וואָס עס וועט ווייטער זיין, וועלן מיר זען שפּעטער'... א קלוגער זאָג.

דאָס לעבן איז קורץ, טראַכט איך מיר, ווען איך גיי דערציילן בקיצור דאָס לעבן פון מיינעם א באקאנטן, ווייל ער האָט אונדז פארלאָזט נאָך איידער ער האָט דערגרייכט דאָס האלבע יאָרהונדערט. איז, גיי שריי חי וקים!

געהייסן האָט ער אהרון. גערופן האָט אים די מאמע, מיין ארעלע, און נאָך איר אלע אנדערע האָבן אים גערופן „ארעלע". ער איז געווען א בן-זקנים; די מאמע איז געווען איבער די שלושים, ווען זי האָט אים געבוירן, איז ער ביי איר געווען איין אויג אין קאָפּ. זי, גיטל, איז געווען א מענטש מיט אסך מעלות און מיט א ביסל נדן. אָבער דער בעסטער נדן איז זי אליין: א בריה אין שטוב, א גוטע סוחרטע אין קלייט, א געטרייע און א געזעצטער מענטש. דער מאן, אביסל ייִנגער פון איר, אן אָרעם ייִנגל פון א נייער רומענישער פּראָווינץ, האָט געטרוימט צום מיסחר און איז געווען באהאוונט אין די קליינע אותיות. מיט דעם קליינעם קאפּיטאל האָט ער געעפנט א קלייטל מיט גלאָזווארג, אליין געגלייזט שויבן צו-געפּאסט שפּיגלען, פארקויפט לעמפּלעך, לאָמפּן-גלעזלעך, פּראָסט געפעס, גע-שיר און אנדערע סחורות פארן פּויער. געווינט האָט מען עק שטאָט, אין א שטעטל נישט ווייט פון יאס. דאָ האָט מען אויפגעקויפט ביליקער תבואה און אנדערע דאָרף-פּראָדוקטן. דאָס איז געווען איר, גיטלס, מיסחר. זי האָט געטויגט דערצו, גוט געקענט די פּויערים, געוווסט ווען מע מעג געטרויען אן אדערויף, ווער עס לאָזט זיך נישט אָפּנארן, ווער עס איז א וואָרטמאן, ווער א שיכור, און ווער א בכבודיקער בעל-הבית אין דאָרף, וועמען מע דארף צורעדן און וועמען מע מעג צי מע דארף אָפּרעדן. הכלל, זי האָט געוווסט וויאזוי צו לעבן מיט מענטשן. זי האָט באזאָרגט דאָס גערטנדל אין הויף, געבאָוועט די קו, געהאָדעוועט עופות און געהאט אין זינען, אז אין קעלער זאָל זיך געפינען אויפן ווינטער געזייערטע אוגערקעס, קרויט און א פעסעלע ברינדזע.

ער, שלמה, האָט אויך געקענט רעדן מיט א קנאה, אים איינרעדן צו קויפן, אים צורעדן צום פּרייז. און כאָטש ער איז געווען א היציקער, זיך אמאָל ארויסגעכאַפּט מיט אן איבעריק וואָרט, האָט מען אים דאָך פאַרטראָגן. אפילו אין שיל שבת, ווען מע האָט אמאָל ארומגערעדט די סדרה פון דער וואָך, האָט מען אים אויך אמאָל פאַרקוקט זיין היציקייט. לייענען א יידיש צי א רומעניש בלאַט, אָנשרייבן א בריוו פאַר עמעצן, און אפילו א בלאַט מענדעלע אָדער שלום עליכם איז ביי אים נישט געווען שווער.

גיטל האָט ארעלען נישט גרינג געבוירן און דערצויגן: ער איז טאַקע געווען א גוט קינד, אָבער די צייטן זענען געווען שווערע. פלעגט זי אין אירע תחינות אויסגיסן איר ביטער האַרץ פאַרן רבונו של עולם און שבת האָט זי אין דער „צאינה וראינה" געפונען א טרייסט, ווייל סוף כל סוף האָבן שרה, רבקה, רחל, לאה אויך געהאַט צו זינגען און צו זאָגן מיט זייערע קינדער. דאָס איז דער גורל פון א מאַמען פון תמיד אָן.

ארעלע האָט געלערנט אין דער יידישער שולע און ביי א מלמד. ווען דער אנטאָנעסקו רעזשים האָט באַפוילן, אז אלע יידן פון די שטעטלעך זאָלן פאַרטריבן ווערן אין די גרעסערע שטעט, האָט מען פאַרלאָזט דאָס ביסל האָב-און-גוטס און געקומען קיין יאַס. מע האָט מיטגענומען נאָר דאָס ביסל, וואָס עס איז אריין אין א וואָגן און ... מע האָט זיך גענומען אויפשטעלן א פּרנסה ערגעץ אין א זייטן-געסל. האָט מען געמאַכט שותפות מיט אן אָרטיקן יידן, אן עלטערן, אָן קינדער, און מע האָט געצויגן פּרנסה בצימצום פון דעם קלייטל. ארעלע האָט מילחמה צייט פאַרענדיקט די פאָלקסשולע. ער האָט געלערנט אביסל לשון קודש און אפילו א בלאַט גמרה ביי א היימישן שוחט.

עס איז אָנגעקומען דער 23-סטער אויגוסט 1944, די גרויסע ווענדונג אין דער מאָדערנער געשיכטע פון רומעניע. פאַר גיטלען און אירסגלייכן האָט עס באַטייט פּטור געוואָרן פון ראַסיאַלע געזעצן. מע האָט ווידער באַקומען טייל פון דעם פאַרלאָזטן „פאַרמעגן" און מע האָט געקענט עפענען א קלייטל לעבן דער „האַלע" א גוט פּלאַץ פאַר פּרנסה. ארעלע האָט דערווייל געלערנט און פאַרענדיקט פיר קלאַסן גימנאַזיע. אינצווישן איז געוואָרן אוים קלייטלעך און זיינע טאַטע-מאַמע זענען געוואָרן אָנגעשטעלטע אין א קאָאָפּעראַטיווער קלייט. ביידע האָבן זיך באַלד אויסגעצייכנט דורך זייער ארבעט, אזוי אז דאָס ביסל פּרנסה האָט נישט געפעלט. דאָס יינגל, ארעלע, האָט ליב געהאַט מעכאַניק. ער האָט געהאַט אינדערהיים א שטיקל וואַרשטאַט און אליין „געמעשטערעוועט", פאַרריכט, צונויפגעשטעלט מכשירים. און היות ארבעט איז איצט געווען „אין דער מאָדע", און סיי ווי האָבן זיינע חברים אים צוגערעדט צו גיין ארבעטן אין א פאַבריק,

אַ מין הכשרה, איז ער אַריין לערנען מעכאַניק. מיט זיין גוט קעפּל און גאָלדענע הענט איז ער באַלד געוואָרן אַ שם-דבר. האָט אים די אָנפירונג פון דער פאַבריק צוגעהעדט, ער זאָל זיך פאַרשרייבן אין אַן אָוונט-שולע, צו פאַרענדיקן די מיטלשולע וועט ער קענען שפּעטער ווערן אַ מייסטער. אַרעלע האָט זיך לאַנג נישט געלאָזט בעטן. ער איז סיי ווי אַ מתמיד. און דערצו וועט ער צוליב טון דער מאַמען. איר איז געווען פריקרע, אַז איר געראָטענער זון זאָל זיין נישט מער ווי אַ פּשוטער אַרבעטער. אמת, טראַכט זי זיך פאַר אַ טרייסט, היינטיקע צייטן איז אַ פּראָסטער אַרבעטער מער יחוס ווי אַמאָל אַ סוחר. און זי נעמט אָן דעם גורל; נאָר אין דער שטיל חלומט זי אַ זון, אַ אינזשעניר.

אוודאי האָט דאָס בחורל נישט פאָרויסגעזען, וואָס עס באַטייטן פיר יאָר אַרבעטן פון 6 ביז צוויי, אַהיימקומען אָפּעסן, אַביסעלע אָפּרוען און לויפן צו דער אָוונטשולע אויף גאַנצע פיר שעה. אמת, די מאַמע קעבלט אים מיט גוטע עסנס, היט זיין שלאָף און זיין רו. אָבער זונטיקן אָן אַביסל פוסבאָל, אָן לייענען אַ יידיש צי אַן עברית ביכל, אָן אַ שפּאַציר מיט חברים. רק געלערנט און געאַרבעט. צייטנווייז האָט זיך אים אויסגעוויזן, אַז ער האָט אויף זיך צופיל גענומען. ער האָט נישט געהאַט קיין אַמביציעס צו זיין אַן אינזשינער, צו פאַרדינען מער, צוזיין אַ„שעף"איבער אַנדערע, צוזיין אָנגעזען. אים האָט קודם כל אינטערעסירט דאָס לערנען און קענען, דערנאָך שפּעטער די מעגלעכקייט אויפצוטון מער ווי אַ פּשוטער אַרבעטער. איז אים שווער געווען אויף מאַטעמאַטיק, האָט אַ גוטער חבר, וואָס האָט שוין געאַרבעט אויפן אוניווערסיטעט, אַרויסגעהאָלפן. אויף שפּראַכן איז אונטערגעשפּרונגען אַ שכן, אַ בעל-שון. דער פּראַקטישער טייל פונעם לימוד איז פאַר אים געווען אַ שפּילעכל. אָבער אין פאַבריק גופא איז נישט תמיד גרינג: אָביעקטיווע שוועריקייטן, עס איז די נאָכמילחמה-צייט, די אָפּגעשטאַנענקייט פון אייניקע אַרבעטער, די בייזוויליקייט פון אַנדערע. אַרעלע טרינקט נישט, ער אַמפּערט זיך נישט, איז נישט גרייט אויף געשלעגן, זידלט נישט און אינטריגירט נישט. דערביי טוט ער די אַרבעט גוט און צו דער צייט, אַזוי ווי זיין כאַראַקטער לערנט אים. עס איז אים מיט דער צייט געלונגען צו ווערן באַליבט ביי אַלעמען, ווייל ער איז גרייט צו העלפן יענעם אין אַ שעת-הקשה, ער מאָנט ווייניק און גיט אַסך. ער גלייבט אין מענטשן, אָן פּאַטאָס, אָן פאַרגלאָצטע אויגן, אָן איבעריקע נאַיווקייט. און סיי ווי מוז מען זיך צופּאַסן צו די מענטשן מיט וועלעכע מע לעבט און מע אַרבעט.

הכלל, ער איז געוואָרן אין אַסך אויגן אוים יידליק, נאָר אַן אַרבעטער, ווי אַלע און אפשר אַביסל מער. מע האָט אים אפילו אויפגעהערט איראָניזירן, אַז ער רייסט זיך אַרויף, ער וויל ווערן אַ גדול. ער הייבט אָן פאַרשטיין, אַז אייניקע

פון זיינע קאָלעגן פילן די נאָכוויייענישן פון דער מילחמה און פאשיזם, אנדערע קומען פון צעריסענע מישפחות, אנדערע לעבן איבער דעם שפּרונג פון דאָרף צו שטאָט, אנדערע ווידער ... דער עיקר איז וואָס פון זיי דאַרף ווערן מענטשן פון א נייעם שניט. נישט קיין גרינגער ענין, נאָר וואָס איז דען גרינג אויף דער וועלט, אויב מע נעמט עס ערנסט?

ארעלע האָט קיין סך צייט נישט געהאט פאר אָט די ענינים. די ארבעט, דאָס לערנען, זיין אייגן אינטים לעבן, האָבן נישט געלאָזט קיין פרייע צייט. סיווי איז דאָס לעבן נישט געווען אידיליש; געווען טעג, ווען ער איז אהיימגעקומען טויט-מיד פון דער ארבעט, אָדער ווען ער איז איינגעשלאָפן אין שולע. אין א ווינטער איז ער אליין קראנק געוואָרן אויף עטלעכע וואָכן און געקענט פארענדיקן דאָס יאָר ערשט אין הארבסט. אמאָל איז די מאמע קראנק געוואָרן און דאָס האָט באטייט אי ענמת-נפש, אי מאטעריעלע זאָרגן. דערפאר האָט ער יעדן זומער געכאפּט אביסל נחת ביים ים צי אין די בערג מיט זיינע ליבע חברים. מיט זיי האָט מען געקענט שמועסן ביאליק און אָפּאטאָשו, רמבם און זשיטלאָווסקי, ערנבורג און סאדאָוועאנו, אביסל וועגן פילמען און טעאטער, אביסל געזען א ספּעקטאקל.

נאָכן פארענדיקן די מיטלשולע האָט ער זיך געטראכט: געננג. א מייסטער קען מען שוין ווערן מיטן באקאלאורעאט און ... די ארבעט איז אינטערעסאנט אזוי אויכעט. האָט אָבער די מאמע שטילערהייט אים צוגערעדט, אז ער זאָל לערנען „אויף אינזשעניר". די פאבריק פון איר זייט האָט געוואָלט האָבן א שיין פּנים און באוויזן ווען מע באדאַרף, אז זי באמיט זיך אויך צו קוואליפיצירן אינזשינערן צווישן די ארבעטער. האָט מען ארעלען צוגעטיילט אויף א ווייניקער אָנמידנדיקער ארבעט און ער האָט זיך אביסל באמיט און מיט דערפאָלג געמאכט די אויפנעם-פּרוון. געלערנט האָט ער אויפן אָוונט-אוניווערסיטעט, ריכטיקער, פּאָליטעכניק.

הייבט זיך אָן א פרישע סדרה לערנען, ארבעטן, עקזאמענעס; די מאמע היט אים טאקע ווי אן אויג אין קאָפּ: זי קעכלט אים, היט דעם שלאָף, דאָס אָפּרוען זיך. אָט גייט זי צו דער יאטקע און בעט זייער שטארק, מע זאָל איר גיבן א שטיק לעבער פארן קינד. קוקט מען זי אָן מאָדנע. מע ווייסט, אז קיין אייניקלעך האָט זי נישט, פרעגט מען זי, וואָס פאר א קינד? ענטפערט זי בתמימות: „מיין ארעלע זאָל לעבן" ער לערנט איצט צוליב די עקזאמענעס פונעם דריטן יאָר אויף אינזשינירער'. טוט מען א שמייכל: „אזוי גאָר?" און זי באקומט אלצדינג, וואָס זי וויל פארן „קינד".

אזוי לויפן אָפּ די יאָרן. מיר איז גרינג דאָס צו זאָגן, נאָר וויפל שוועריקייטן און זאָרגן, וויפל פריידן און צופרידנקייטן ארעלע האָט איבערגעלעבט אין די פינעף יאָר, האָט נאָר ער אליין געוווּסט. אָבער ער איז דערגאנגען צום ציל. די דיפּלאָם פון אינזשינער ליגט שוין אין קעשענע. ווען די מאמע וואָלט זיך נישט געשעמט, וואָלט זי אויפגעהאָנגען אויפן האלדז אָט דאָס טייערע פּאפּיר און ארומגעגאנגען איבער דער שטאָט, אָן דעם מוז מען איר גלייבן אויפן וואָרט.

ארעלע איז געבליבן ארבעטן ווי אן אינזשינער אין דערזעלבער פאבריק, ווו ער איז, אזוי־צו־זאָגן, אויפגעוואקסן און אויסגעוואקסן. די מאמע איז גליקלעך געווען וואָס „דאָס קינד" איז געבליבן „ביי דער היים" דער טאטע האָט געגעבן אין זיין שיל לעקעך און בראָמפן און זיך געלאָזט אָגווינטשעווען, ער זאָל אינגיכן פירן דעם זון צו דער חופה.

די חברים שפּאסן; אפילו דער פעטער עשו האָט אויך חתונה געהאט אין דייגע יאָרן; אָדער: ער מעג שוין הערן שפּילן, ער איז שוין נאָך שלושים. „אין דער שטיל האָט די מאמע גערעדט מיט א מין שדכן, מיט באקאנטע, מיט קרובים: אנו זוכט מיר אוים עפּעס א גוט מיידל פאר מיין ארעלען!". ברענגט מען איר בילדער און ידיעות וועגן אלערליי מיידלעך. זי בראקירט. יענע איז צו קליין, א צווייטע איז צו גראָב, דאָ שטייט איר נישט אָן דער יחוס, דאָרט וויל זי נישט קיין דאָקטערן פאר א שנור, כאָטש דער מאן זאָגט אָז עס איז גוט צו האָבן א דאָקטער אין דער מישפּחה ... הכלל, מע קען נישט צוטרעפן אין גאנץ יאָס קיין פּאסיק מיידל פאר איר „קינד".

וואָס־זשע טוט גאָט? באקענט זיך ארעלע אין די בעדער מיט א רייף מיידל, א יתומה, א געזעצטער מענטש, א געראָטענער, א געטרייער, א מענטש, וואָס זיוכט א חבר אין לעבן און ... עס ווערט א שידוך. זי איז אפילו נישט קיין יאסער, אָבער ... דאָ קומט אונטער דער גוטער צופאל, און ארעלען לייגט מען פאָר א גוטן פּאָכטן: דער הויפּט־ענערגעטיקער פון א גרויסער פּאפּיר־פאבריק, אין א געגנט פון וועלדער. זי וועט אויך קענען דאָרט ארבעטן ווי א כעמיקער, לויט איר פאך. זעען דאָך די מאמע און דער טאטע, אז עס איז מן השמים. מאכט מען א חתונה ביי אירע קרובים און דאָס רייפע פּאָרל באקומט א דירה און מע שלאָגט צונויף א באלעבאטעשאפט. ארעלע איז א געטרייער זון. יעדע צוויי וואָכן קומט ער אהיים אויף א מעת־לעת. אמאָל געלינגט עס אים צו קומען אויף שבת אהיים. ווערט די מאמע אויפגעריכט.

איר וועט זיך ווונדערן, וואָס איך רעד נאָר פון דער מאמען. דער טאטע שעפּט נישט ווייניקער תענוג פונעם זון, נאָר א מאן איז ... רעזערווירטער. שטאָלצירן שטאָלצירט ער, ווען דער זון איז ביי זיי אויף שבת און ער גייט מיט אים

אין שיל. מע פארבעט אים צו לייענען אין דער תורה און דער טאטע קוועלט אָן, ווען ער הערט ווי מע איז אים מקנא: „היינטיקע צייטן, אַן אינזשינירער און ער קען זיין א בעל-קורא!" ארעלע טוט צוליב און ער דאווגט דערנאָך מוסף. עס איז גראָד אויסגעפאלן א שבת, ווען מע בענטשט ראָש חודש, האָבן דער פאָטער און די מוטער טאָפּלט אָנגעטייעט פונעם זון.

די מאמע פילעוועט מיט תחינות יעדן מאָנטיק און דאָנערשטיק. איצט האָט זי צום רבונו של עולם איין גרויסע בקשה. זי וויל דערלעבן אייניקלעך, כאָטש איין אייניקל.

עס ווייזט אויס, אז זי איז גוט פארשריבן אין די הימלען, ווייל איר בקשה איז מקוים געוואָרן. דערצו נאָך א יינגל. אויפן ברית איז זי געווען אין זיבעטן הימל. אז דאָס קינד איז אונטערגעוואקסן, האָט מען אָנגעהויבן קומען מיטן קינד יעדע צווייי וואָכן: איינמאָל ארעלע, א צווייט מאָל זי, פאני. עס איז אויך געשען, אז טאטע-מאמע האָבן זיך אָנגעטאָן א כוח און מע איז ארייגגעפאָרן אויף א זונטיק צום... — אייניקל.

דאָס אלטע פּאָרל גיטל מיט שלמהן זענען שוין פון לאנג אריבערגעשטיגן די יאָרן פון פענסיע, אָבער זיי פירן ווייטער דאָס קלייטל מיט גלאָזוואַרג, וואָס דער שטאָטישער האגדלס-אָפּטייל האָט זיי צוגעטיילט. עס געלינגט זיי יעדן חודש צו פארקויפן אזויפיל סחורות, וויפל עס מאָנט דער פּלאַן, פארדינען זיי אויף פרנסה. נאָר סיזוי קענען זיי נישט לעבן אָן צו ארבעטן. ערשט ווען זי איז געוואָרן 75 האָבן זיי זיך געלאָזט פענסיאָנירן. איצט לעבט מען שטיל. מע טראָגט איבער די אלע שוואכקייטן, קראנקהייטן, מאנגלען, וואָס די יאָרן ברענגען מיט זיך, און מע שעפּט נחת פון קינדער. דאָס אייניקל וואקסט, ער לערנט אין קינדערגאָרטן און באלד גייט ער שוין אין שולע. נאָך עטלעכע חדשים שרייבט ער שוין דעם זיידן מיט דער באָבען א רומעניש בריוול און ער שרייבט זיך אונטער מיט יידישע אותיות.

דאָס פּאָרל פירט א רויק לעבן. קיין אויטאָ קויפט מען זיך נישט, קיין לוקסן טרייבט מען נישט. מע האָט זיך שיין אויסמעבלירט, פאָרט מען זומער אויף אָפּרו, שיקט מען עפּעס צו טאטע מאמע און דאָס לעבן פליסט מיט די פריידן און זאָרגן, מיט די דערפאָלגן און יסורים ווי יעדעס לעבן. הלוואי וואָלט נאָר געווען שלום אויף דער וועלט. די מאמע ווינטשט תמיד: געזונט און פרנסה און שלום אויף דער גאנצער וועלט!

יעדער ווייסט, ווי דין עס איז דער פאָדעם פון מענטשלעך גליק, דער עיקר אויף די עלטערע יאָרן. האָט שלמה, גיטלס מאַן, זיך נישט גערעכנט דערמיט, וואָס ער איז יינגער פון איר, זיך אוועקגעלייגט אויף עטלעכע וואָכן און אוועק

פון דער וועלט. האָט מען נעטרוימט און זיך געטרייסט מיט די לעבעדיקע. ביז... ווי א דונער איז אראָפּגעפאלן די ידיעה. אהרן לערער איז אוועקגעפאלן איבערן ארבעטס-טיש אין פאבריק. מע האָט אים גיך אָפּגעפירט אין שפּיטאָל, די דאָקטוירים האָבן זיך נאָמיט, אָבער אומזיסט. ארעלע איז אוועק פון דער וועלט יינגערהייט.

די דאָקטוירים האָבן פעסטגעשטעלט, אז ער האָט פון לאנג געליטן אויף הויכן בלוט-דרוק'. ער האָט זיך אָפט באקלאָגט אויף שטארקער קאָפּווייטיק אָבער נישט געוואָלט גיין צום דאָקטער, ניט גענומען קיין רפואות. ער איז פון תמיד אָן געווען אן עקשן, ווי דער טאטע, נאָר דאָסמאָל האָט ער צו טייער באצאָלט. אי ער, אי זיינע נאָענטע.

*

מע זאָגט, אז שיינע לוויה קען זיין א שטיקל טרייסט... פאר די צוריקגעבליבענע. אפשר איז עס אמת. ווייל אויף ארעלעס לוויה זענען געקומען נישט נאָר די צענדליקער יידישע מיטגלידער פון דער קהילה נאָר הונדערטער ארבעטער פון דער פאבריק, ווי ארעלע האָט געארבעט און אפילו פון אנדערע פאבריקן ווייל ער פלעגט אָפט זיי קומען צו הילף א נויט. ער איז געווען אגוטער ענערגעטיקער און גוט נעקענט די פראקטיק עם האָבן גערעדט פופצן מענטשן: חברים, דירעקטאָרן, איגזשיגערן, ארבעטער, שכנים און באקאנטע. לויט די פרוי האָט מיר שפּעטער דערציילט, איז דאָס געווען א שטיקל טרייסט אפילו פאר דער אלטער מאמען, וואָס איז געקומען וויגען איניינעם מיט דער שנור און מיטן אייניקלר

און באטראכטנדיק דאָס געקירצטע לעבן אהרונס, און אפילו דאָס לענגערע פון זיין מוטער, האָב איך אָפּגעגעבן רעכט דעם אלטן ארויזאָג: ווייניק זענען די טעג פון אונדזער לעבן זייער ווערט הענגט אָפּ פון זייער אינהאלט, פ ר דעם וואָס מע לייגט אריין אין אָט די טעג,

# יאָסל

— דו שלעפּסט דיך אַרום מיט דעם וויסטן **אפי** האָסט דיר אָפּגעזוכט צרות מיטן פאַרבעטן מיך צו נאַסט... גיי דיר, איך וועל שוין אַליין אָנטרעפן אַנייִם דעם וועג. איך בין דאָך אויפגעוואַקסן דאָ אין יאַם...

דער טאָן איז אַ פאַרביטערטער, אַ ברוגזער, אויף זיך צי אויפן עלטערן ברודער, וואָס גייט מיט אים שפּאַצירן. דער 59-יעריקער פּרי-פּענסיאָנירטער אַרבעטער, דער ייִנגסטער צווישן פיר ברידער, וואָס צוויי פון זיי זענען שוין אויפן עולם האמת... זײַנע שווערע איבערלעבענישן מילחמה-צײַט און נאָך דער מילחמה האָבן אים צוגענומען דאָס ליכט פון לינקן אויג, אַ טייל פונעם געהער האָבן, אים באַפאַלן מיט אַ פּריצייטיקער אַרטראָזע און... מיט אַ ביטול צום לעבן, כאָטש ער האָט אין תוך ליב דאָס לעבן, ער טראַכט אָפט, אַז אויב ער איז אַרוים אַ לעבעדיקער פון אַזויפיל שווערע ניסיונות, איז ווערט ווייטער צו לעבן. באַמיט ער זיך גובר צו זײַן די פאַרביטערטקייט קעגן אייגענעם גורל און נעגיסן פון דעם וואָס ער האָט אַן אייגענע, כאָטש באַשיידענע דירה, נישט ווייט פון תל אביב, ראַדיאָ, טעלעוויזאָר וכדומה. מע וואָלט געקענט לעבן. גאָר מע לאָזט נישט, מראַבט ער מיט אַ ביטערן שמייכל. דער „מע“ איז זײַן געזונט, דער שלום, וואָס פאַרשפּעטיקט, דער אומרו אויף דער וועלט...

בטבע איז יאָסל נישט קיין באַרעדעוודיקער, אָבער נישט קיין פאַרביפּעגער שווײַגער. ער באַקלאָגט זיך זעלטן, ער באַשולדיקט קיינעם נישט אין זײַן שווערן געזונט-מצב, ער האָט אָבער אַ קריטיש אויג און אַ שאַרפן אויסדרוק פאַר אַלע עוולות און אָפּגעלאָזנקייטן, וואָס ער זעט און הערט אַרום זיך.

פון דעם ייִדן, וועמענס נאָמען ער טראָגט, האָט ער געירשנט די שאַרפע, קאַנטיקע שטריכן פונעם פּנים, די טונקעלע הויט-פאַרב, די שוואַרצע געקרייזלטע האָר, די טונקל-ברוינפאַרביקע אויגן. פון וואַנעט קומט אָבער צו אים די עקשנות, דאָס „דווקא וויל איך“, דאָס פאַרשליסן זיך אין אייגענעם איך, דאָס אָפּטע איגנאָרירן און פאַרלייקענען די דרויסנדיקע וועלט, אַן ענאָצענטריזם, אין איגנאָרירן און פאַרלייקענען די דרויסנדיקע וועלט, אַן ענאָצענטריזם, אַן אַסקעזע, אָדער צעלאָזנקייט, אָן אַרויסרופערישקייט, אפשר מיט אַ באַהאַלטענער פאַרשטענדעניש פאַר מענטשן, אַ פועל-יוצא פון זײַנע איבערלעבענישן.

עקשנות, דאָס פינעפיעריקע ייִנגעלע האָט זיך געשפּילט מיט שוועבעלעך לעבן א בלעך מיט נאַפט און שיִער נישט אונטערגעצונדן די שטוב. א גליק, וואָס מע האָט עס דערזען צו ער צייט. שטייט מען זיך אוים אויף אים, גיט מען אים צו פאַרשטיין, וואָס ער האָט אָפּגעטאָן און מע הייסט אים זאָגן: „כ'וועל שוין מער נישט טון, איך וועל מיך מער נישט שפּילן מיט פייער", שווייגט ער, מיט די בליקן אראָפּ. עס העלפן נישט קיין רייד, קיין פּעטש, קיין רימען. דאָס קינד שווייגט פאַרעקשנט. בעט זיך ביי אים די מאַמע, ער זאָל זאָגן: „איך וועל שוין מער נישט". ווייס איך וואָס, ארויסגעוואָרפענע רייד. יאָסל שווייגט, עלעהיי די קלעפּ מיינען נישט אים. ער פאַרבייסט די ציין, פאַרפינצטערט די מינע און שווייגט. איז מען מיד געוואָרן און „אים געלאָזט לויפן" ... און דאָך, מיט פייער האָט ער זיך מער נישט געשפּילט. שפּעטער אין לעבן האָט אים דאָס שווייגן יאָ ארייַנגעפירט אין שווערע סיטואַציעס, אי אים ארויסגעהאָלפן אין שווערע צייטן.

מיט זיין עקשנות איז פאַרבונדן זיין באַציונג צום לערנען אין שולע. ער האָט נישט ליב מע זאָל אויף אים ארויפצווינגען, דאָס וואָס ער האָט אליין ליב. יאָסל האָט א „גוט קעפּל", א באַזונדערן חוש פאַר שפּראַכן, אן אינטערעס פאַר וויסן, א שאַרפן חוש פון אָבסערווירן. אָבער אין קלאַס איז ער מיטלמעסיק. ווייטער ווי די פיר פאָלקסשולע קלאַסן וועט ער נישט לערנען, מע פּרוּווט מיט אים גימ-נאַזיע. האַנדלסשולע, ניין און ניין. ער גייט ליבער לערנען א מלאָכה ... אָבער זיין א משרת ביים מייסטער, ניין.

דערווייַלע לייענט ער אסך רומעניש און יידיש און דייטש. אינדערהיים איז א באַהאַלטענע אָרעמקייט מיט אסך מאַנגלען. דער טאַטע איז געשטאָרבן ווען יאָסי איז אַלט געוואָרן ניין יאָר. די צוויי עלטסטע ברידער, זענען רייכער אין קולטור און טאַלענט איידער אין פּרנסה. פּלאָגט מען זיך אויסצוהאַלטן די ייִנ-גערע זעקס שוועסטער און ברידער. עס זענען פאַראַן טעג ווען מע עסט נאָר מאַ-מעליגע געטונקען אין בוימל. יאָסל וועט דאָס נישט פאַרגעסן א לעבן לאַנג, כאָטש שפּעטער האָט ער געהאַט טעג, ווען אַזוינס האָט אים אויך אויסגעפעלט.

מע האָט זיך אריבערגעצויגן אין א גרויסער בוקעווינער שטאָט. דער בר מיצווה דערפילט, אַז אויב נישט לערנען אין א שולע מוז ער גיין לערנען א פאַך. ער פּרוּווט דאָ און דאָרט ביז ... ער ווערט א קלייט-ייִנגל ביי א היימישן סוחר, אַן איידעלער קולטור מענטש. זלמן בייזער זעט ווי מאָדנע דאָס ייִנגל פירט זיך, אָבער ער האָט ליב מיט אים צו רעדן אין פרייע שעהן, ווען קונים „באַפאַלן" אים נישט. יאָסל שניידט זיך נישט אויף מסחר. קומט אריין א קונה, לויפט ער אים נישט אקעגן, שטייט ער נישט בעתן באַשטעלן און דינגען, נאָר ער ... לערנט

דייטש, בייזער זעט, אז עס וועט פון דעם יינגל קיין „קאָמי“ נישט ווערן, לאָזט ער אים געמאַך, שאנצט ער אים צו א פארדינסטל, ווען ער פירט אָפּ צו דער באן א פּעקל סחורה פאר א באסאראבער קונה. אז ער וויל, איז ער פלינק.

בכלל גייט ער אָבער ארום ווי אויפן עולם התהוי. איינמאָל שיקט מען אים ברענגען א באלן שטאָף פון א נאָענטן לאגער, א הונדערט מעטער ווייט. מע ווארט א שעה, צוויי דריי, מע הערט נישט, מע זעט נישט; איז מען באזאָרגט: וויל מען שוין אָנרופן פּאָליציי. סוף כל סוף באווייזט ער זיך מיטן שטאָף. פרעגט מען אים, וואָס עס איז געשען. ענטפערט ער אז ער האָט זיך פארטשעפּעט אין א גרעזל. און שוין. קיין אנדער ענטפער באקומט מען נישט פון אים.

אלע האָבן אים ליב פאר זיין ערלעכקייט און ערנסט, פאר זיין געטריישאפט און ארבעטזאמקייט, אָבער ... די צייט שטייט נישט אויף אן אָרט. סיי די מיש־פּחה, סיי דאָס יינגל פארשטייען, אז אזוי איז קיין תכלית נישט: מע דארף עפּעס טון, אָבער וואָס?

מיסחר געפעלט אים נישט. וועט ער לערנען א מלאָכה. אָבער נישט הי, נאָר אין בוקארעשט. ער לאָזט זיך נישט איבעררעדן און ער לאָזט זיך אויף גאָטס באראָט. אָנגעקומען אין דער הויפּטשטאָט, גייט ער נישט אויפזוכן קרובים, נאָר ער וואנדערט איבער די גאסן און ער לייענט אנאָנסן אין די וויטרינעס דערזעט ער פּלוצים, אז מע זוכט א לערניינגל אין א טאָקעריי. ער גייט אריין און דעם דייטשישן מיינסטער געפעלט ער און ער ווערט אויפגענומען אין דער לער.

שפּעטער וועט ער ערשט דערציילן וועגן זיינע שווערע, פיר יאָר אין דער לער. דאָס האָרעווען שווער, דאָס שלאָפן אָנגעטאָן ווינטערצייט אין דעם נישט־געהייצטן ווארשטאט, דאָס עסן בצימצום. זעלטן ווען, אז ער איז פריי א זונ־טיק נאָכמיטאָג צוצוגיין צו א קרוב ווו ער עכט א גוטן ביסן, באָדט זיך און כאפּט א שמועס ווי א מענטש. ער האָט אָבער פיינט די געוויינטלעכע פראגעס און ענט־פערט ניט און דאָס אליינזיין מוז דערגיין ווייט, אז ער זאָל גיין צו גאסט.

לעבט ער איינגעשלאָסן אין זיך מיט זיינע יינגלישע פּראָבלעמעס און ראנ־גלעניש און דאָס פאך? קיין סך וועט דער דייטש אים נישט לערנען, סיידן פאררינכטן. שירעמעס און אבישל האָלץ-טאָקעריי. קיין גרויסער אויפטו קען דער־פון נישט ארויסקומען. ער איז שוין באלד א געזעלן און באלד קומט אָן דער זומער 1940. יאָסל פאָרט אהיים צו דער מאמען קיין טשערנאָוויץ. ער זעט די גרינטלעכע ענדערונגען. ער וואָלט געקענט האָבן א גרינגן פּאָסטן. אָבער, ניין. אים ציט עס צום אומבאקאנטן. לאָזט ער זיך ווערבירן אין די אוראלער גאָלדגרובנס ווו מע זאָגט צו גאָלדענע גליקן. אין א האלב יאָר ארום וועט ער אהיימקומען

אָרעמער מיט אילוזיעס, רייכער אין דערפאַרונגען און רערנדיק א שיין, לשון פון די מרחקים, פון נאָענט און ווייט.

בדרך כלל איז יאָסל א גרינגער בעל לשון. לערנט ער אוים א שפּראַך, רעדט ער זי ארוים ווי אן אייגענער. מילא, יידיש און רומעניש און אביסל דייטש קען דאָך יעדער ייד, איי ניִשט יעדער לייענט סאַדאָוועאַנו און שלום עליכם, טראַווען און פּושקין. יעדנפאלס ניִשט יעדער פאַבריק־ארבעטער אין זיינע יאָרן. די איבערקערעניִשן פון זומער 1941 פאַרכאַפּן אים אין זייער ווירבל, אָבער ער קומט ארוים א לעבעדיקער.

געטאָ, צוואַנג־ארבעט אין די שווערסטע תנאים, ווייל די אָרעמע משפּחה קען אים נאָר זעלטן צושיקן אביסל געלד, א פּעקל עסן. זיין ערלעכקייט און גראָד־קייט רופן ארוים א געוויסן אָפּשיי אפילו אין אזוינע אוממענטשלעכע באַדינגען. ער פאַרבייסט די ליפּן און פאַרשליסט זיך אין זיין אייגענעם איך.

און אָט איז דער גרויסער 23סטער באפרייונגס־טאָג פונעם חודש אויגוסט 1944. מע באַפרייט פון די ארבעטס־לאַגערן. צו דער מאַמען קען ער מער ניִשט פאָרן. וואַנדערט ער איבערן לאַנד ביז ער קומט אָן צו דער שוועגערנס משפּחה. ער וועט זיך דאָרט אויפהאַלטן עטלעכע וואָכן, העלפן פאַרריכטן די באָמבאַרדירטע שטוב; יעדער וועט אים ליב באַקומען פאַר זיין געטריישאַפט, מע וועט פּרוּוון אים ארויסרייסן פון זיין פאַרשלאָסנקייט. ער איז אָבער ווידער פאַרליבט אין די אומבאַקאַנטע מרחקים. איינייגעם מיט א גרופּע יונגטלעכע וועט ער שוואַרצן די גרענעצן און פאַרוואַלגערט ווערן ערגעץ אין איטאַליע וווּ מע גרייט סאָלדאַטן פאַר דער יידישער בריגאַדע אָדער דיוויזיע. דער ענין ווערט אינצווישן בטול און יאָסל בלייבט וווינען אין אן איטאַליעניש פישער־דאָרף, וווּ ער מאַכט זיך באַליבט ביי יעדן. שפּעטער וועט ער דערציילן, מיט א לייכטער אויטאָ־איראָניע, אז ווען ער האָט זיך געזעגנט מיטן דאָרף, האָבן אלע באַגלייט מיט טרערן „דעט גוטן בעפּאָ“.

ווּהין ער פאָרט? א שיינע פראַגע. קיין פּאַריז. ערב מילחמה האָט ער דאָרט געהאַט אן עלטסטן ברודער, א טאַלענטירטער שרייבער, אָבער א קליינער „נגיד“, כּאָרט ער אים זוכן. ער קען ניִשט זיין אַדרעס, אָבער פון איין די־פּי־לאַגער צום צווייטן וועט ער זיך דערשלאָגן צו דער אויסגעחלומטער פראַנצויזישער הויפּט־שטאָט און אפילו צום ברודערס אָרעמער דירה. וועגן אָט דעם וועג וואָלט מען געקענט אָנשרייבן א ראָמאַן. אָבער ווער האָט דען צייט דערצו?

דער ברודער און די יונגע שוועגערין ווען אים אויפגעמען מיט אסך ליבע, אים העלפן מאַטעריעל און באַלד וועט ער ארבעטן אין א טעקסטיל־פאַבריק. אין עטלעכע חדשים וועט ער קנאַקן פאַריזעריש ווי א תושב; אפילו די געליבטע,

וואָס נעמט ביי אים אוועק דעם לעצטן סאַנטים, וועט זיך נישט דאַרפן שעמען מיט אים, כאָטש אין פּאַריז איז אַ פרעמדער נישט קיין נאָווינע, דער עיקר אין דעם נאָכמילחמהדיקן ווירוואַר.

יאָסל ווערט אומצופרידן מיט פּאַריז. דערצו טראַכט ער, אַז אין תוך האָט ער זיך נישט באַטייליקט אַקטיוו אין קיינע פון די גרויסע געשעענישן פון זיין צייט. באַשליסט ער צו ווערן אַ סאָלדאַט אין קאַמף פאַר אַ יידיש לאַנד. ער קומט אָן צו דער צייט און ער ווערט באַלד פאַרוואונדעט. נאָך עטלעכע חדשים שטייט ער פאַר דער פראַגע: וואָס טוט מען איצט? זיין אַלטע פּראָפעסיע, טאָקערײַ, קומט אים צונויץ און אינגיכן וועט ער זיין אַ גוטער טאָקער אין מעטאַל. ער וועט אויסלערנען עברית לייענען בלעטער אין ענגליש און... פאַרלירן דאָס לינקע אויג דורך אַ שפּליטער, וואָס איז אַרײַן אין אויג בעת ער האָט אַמאָל פאַרגעסן אָנצוטון די שוצברילן.

„דאָס הייסט אַ שלימזל“, טראַכט ער ביי זיך, אַרויס אַ לעבעדיקער פון שווערע צייטן און ווערן אַ קאַליקע אין די יונגע יאָרן. וועגן זיך טראַכט ער אָפּט-אין שווערע אויסדרוקן. אין דער שטיל. און אָט קומט אונטער אַ צווייטע אַנטוי-שונג. זיין יוגנט-ליבע איז געקומען אין לאַנד, אים געזוכט און נישט געפונען האָט זי חתונה געהאַט מיט אַן אַנדער בחור. דער בטבעדיקער שוואַרצזעער האָט ווידער אַ באַווייז פאַר זיין קוק אויפן לעבן.

פון דער פּענסיע קען מען נישט לעבן. מוז מען זוכן אַ פּאַסיקע אַרבעט. איצט קומט אים צו הילף זיין שפּראַכטאַלענט. ווערט ער אַן אויפנעמער אין אַ טוריסטן-האָטעל. נישט קיין ערשט קלאַסיקער. דערפאַר האָט ער צייט צום לייענען אין די לאַנגע שעהן פון נאַכטדינסט. איצט פּילעוועט ער ענגליש. און ווייל סע וווינט איז האָטעל אַ מעכאַניקער פון דאַנעמאַרק, וועלכער העלפט אויפשטעלן אַ פאַבריק, וועט ער לערנען דעניש; סוף כל סוף. קען יאָסל דייטש און ענגליש. איז, זאָל זיין נאָך אַ גערמאַניש לשון...

ווי אַזויפיל קרבנות פון נאַציזם האָט ער באַקומען „פּיצועים“ געלדער. ער קויפט אַ קליינע דירה, געפינט אַ טרייכט צווישן עטלעכע גאָענטע, שוועסטער, אַן אַלטע חברטע און... שוין, ער וואָלט געקענט לעבן רואיק. ער איז אַ בן-חמשים. די שוועסטער און ברידער האָבן אויסגעהיילט די מילחמה-ווונדן. די מאַמע האָט נאָך זוכה געווען צו זען אַלע אירע קינדער און זי ליגט איצט אין היימישער ערד. די וועלט הייבט אָן צו ווערן נאָרמאַלער.

ער וואָלט געקענט לעבן, נאָר דער גורל, לאָזט נישט...

דער גורל! עס רעדט זיך אַזוי! אין תוך איז עס דאָס געזונט. עס איז ווייט נישט „בסדר“. כאָטש ער האָט זיך אויסגעלערנט שלום צו מאַכן מיטן לעבן,

ווײל אָבער אַצינד דאָס לעבן נישט שלום מאַכן מיט אים. איצט ווען ער קען זיך אפילו פאַרגינען אַ וויזיט אין דער „אַלטער היים“, זיך קוויקן מיט די שײנע קאַרפּאַטן, מיט די נײַע אויפטועז אין יאַס, זיך פרייען מיט אַלטע באַקאַנטע, הײבן זיך אָן שטאַרקער אָפּצורופן די שווערע איבערלעבענישן פון אַמאָל. דאָס פאַרבי־טערט אים. דאָס צווייטע אויג טוט וויי, דאָס געהער ווערט שוואַכער און דער עיקר באַוויַיזן זיך צוויי בייזע שונאים: דיאַבעט און אַרטראָזע.

אין דער שטיל פירט ער אַ שטרענגן חשבון הנפש מיט זיין אייגן לעבן. זײַן גוטסקייט באַהאַלט זיך אונטער אַ מין מאַסקע: אַ לעמעלע אין אַ פעל פון אַ טיגער. די פעל איז גוט צוגעקנעפּלט, מע זאָל נישט אַרויסזען דאָס לעמעלע, זאָגט אויף אים זײַן שוועסטער.

דער צווייטער וויזיט אין דער אַלטער היים איז פאַר אים געווען אַ פּסיכישער קלאַפּ. אינדערהיים באַוועגט ער זיך אויף אַ ביציקלעט, פילט ער נישט ווי שווער ער באַוועגט זיך. ער האַלט דיעט, נעמט רפואות, פילט ער נישט ווי ביטער קראַנק ער איז. איצט אין אַן אַנדערער סביבה, דערפילט ער זײַן וואַקסנדיקע אומבאַהאָלפנקייט. און דאָך פרייט אים דער שפּאַציר אויפן קאָפּאָו, די באַגע־געניש מיט אַלטע גוטע פריינד. טוט ער אַ זאָג דעם ברודער, אַז ער וויל ווידער קומען צוגאַסט איבער אַ יאָר, צו זײַנע 60. אײַנייגעם מיט אַ גרופּע באַקאַנטע. און ער גיט צו מיט טרויער: „נאָר ווער ווייסט צי כ'וועל נאָך קענען קומען“.

עטלעכע וואָכן נאָכן אַהיימפאָרן איז דער איינזאַמער יאָסל אויסגעגאַנגען אין זײַן שטיבל. אַלע זײַנע קראַנקהייטן זענען אים באַפאַלן אויף איין מאָל און אים גובר געווען.

אַ טרויעריקער גורל, אַ נאָכוויייעניש פון די שווערע יאָרן פון ראַסיזם און פאַשיזם. עס איז געבליבן אַן אָפּקלאַנג פון אַן עכטן אומגעפּעלשטן כאַראַק־טער, פון אַ מערקווירדיקן מענטש'ן, ווועמען דער ערשטער טייל פון אונדזער יאָר־הונדערט האָט נישט געלאָזט אויסרייפן און גיבן פירות.

ווי זינגט דאָס לידל: יאָסל, יאָסל, יאָסל, יאָסל ...!

# משה ביק פון דער „רויטער בריק"

ווער ס'איז שיין, איך בין קלוג, זאָגט אויף זיך מיין פריינד משה; און כאָטש אין אונדזער מאָלדעווישן יידיש גראַמט זיך „קלוג" מיט „ביק", שעמט ער זיך נישט מיט זיין צונאָמען.

מיר זענען גוטע פריינד, כאָטש אין יענע יאָרן, תיכף נאָך דער ערשטער וועלט-מילחמה, (מע האָט דעמאָלט נישט געוואוסט, אָדער נאָך נישט געוואוסט, אַז מע וועט זי שפּעטער אָנרופן „די ערשטע", ווייל מע איז זיכער געווען, אַז זי איז די לעצטע, די לעצטע וועלט-מילחמה, ווייל ווער עס האָט זיך אָנגעלימן פון יענער שחיטה, איז געווען זיכער, אַז קיין צווייט משוגעת וועט זיך די מענטש-הייט נישט „פאַרגינען").

אַרום 1920 איז מיין משה שוין געווען אַ טאַטע פון יינגלעך און מיידלעך און איך האָב מיך נאָך געפּלאָנטערט אין די בר-מיצווה-שיכלעך. איך האָב אָבער פון קינדרוויז אָן ליב געהאַט צו זיצן אין זיין ווערקשטוב און צוקוקן ווי זיינע רירעוודיקע פינגער שניצן אויס פון האָלץ אַלערליי געפּלעכצן פון בלומען, צווייגן, בלעטער, פייגל און הירשן, לייבן און לעמפּערטן; באַלד האָבן זיך אַרויס-געשיילט פון אונטער זיין מעסער קרוינען, קראַנצן און כלאַרליי פּלאַנצן. זיינע הענט האָבן פאַרפּוצט אַן עמוד, אַן אָרון קודש און אפילו קלויסטערס. זיין באַ-פּוצונג פאַר מעבל האָט דערפרייט די אויגן און דאָס האַרץ.

משה האָט נישט צוגעלאָזט, אַז מע זאָל זיין נאָמען פאַרבינדן מיטן בילד פון אַ דערוואַקסענעם קאַלב, וועמען מע שרייבט נישט צו קיין סך שכל; ער פלעגט אָנווייזן, אַז אין שטאָט לעבט אַ דאָקטער מיטן נאָמען „אָקס" און דאָך איז ער באַרימט און קלוג; וואָס אַ דאָקטער קען זיך פאַרגינען קען אַ פּשוטער בעל-מלאכה נישט מיטהאַלטן. ער פלעגט באַמערקן מיט אַ שמייכל, אַז זיין אייגנטלעכער נאָמען איז בעק, אָבער ער וויל נישט פאַרשעמען דעם באַקאַנטן ראַבינער דר. בעק, האָט ער פאַרביטן די „ע" אויף אַ „י", זאָל זיינס איבערגיין!. ער פלעגט צוגעבן, אַז אַ ייד, אַ ווילקענעוודיקער האָט אים אַמאָל געזאָגט, אַז „ביק" איז איניציאַלן פון „בן יוסף קלמן". איז, ווער וועט אים אָקעגנרעדן. הכלל ביק צי בעק. עס מוז נעמען אַן עק.

ווען איך בין אונטערגעוואַקסן, האָב איך אים אַמאָל אַ פרעג געטאָן וויאַזוי ער איז געקומען צו שניצעריי. האָט ער מיר דערציילט, אַז יאַסער יידן זענען געווען באַרימט אין שניצעריי נאָך פון די צייטן פון זיין עלטער-עלטער זיידן,

וועלכער איז געווען א באַרימטער מייסטער. די קונסט איז איבערגענומען געוואָרן פון דור צו דור. משהס טאַטע איז יונג אַוועק פון דער וועלט און פאַר רחמנות האָט אים גענומען אין דער לער יאַנקל פינגערל, א געשיקטער האָלץ־שניצער. ער פלעגט אים זאָגן: „הערסטו, משה, זיי נישט קיין ביק און טו גוט א קוק ווי מע אַרבעט; אונדזער אַרבעט איז נישט נאָר מיט די הענט, מיט די פינגער, נאָר מיטן אויג, מיטן קאָפּ, מיט נשמה, מיט...״

דאָ האָט ער א מאַך געטאָן מיט דער האַנט, דאָס הייסט „וואָס קענסטו, צו־ציקל פאַרשטיין, וואָס דאָס מיינט, אז איך אַליין קען עס נישט אָנרופן. שפּעטער מיט יאָרן האָב איך שוין געוואוסט, אז דאָס, וואָס יאַנקל האָט נישט געקענט אָנרופן, רופט מען ביי לייטן „טאַלענט״.

„טאַלענט״ גראַמט טאַקע מיט „הענט״, מיט „דערקענט״, אָבער אין תוך האָט זיך עס געפּאָרט (כאָטש אָן א גראַם) מיט האָרעווען, בּידעווען, טערפּען; „שניצן״ האָט געגראַמט מיט „שוויצן״ און אַלעם האָט מער געגראַמט מיט דלות אײדער מיט פּרנסה.

דער קלײנער יתום האָט דערווײַל נישט געוואוסט, וואָס עס באַטייט צו זיין אַן אור־אור־אור־אייניקל פון יענעם מייסטער בצלאל פון די ביבלישע צייטן. ווען מע האָט אים שוין צוגעלאָזט צו דער מלאָכה האָט מען משהן געלערנט טאָ־קערייַ. נאָר אז יאַנקל האָט אים געכאַפּט אין א נאַכט שניצנדיק פון א שטיקל האָלץ א זון־בלום מיט בלעטער, האָט ער זיך אויף אים קודם אויסגעשריגן פאַר־וואָס ער מאַכט אים שטומפּיק דאָס געצייג; ווען דאָס יינגל האָט זיך צעוויינט און מורא געהאַט פאַר פּעטש האָט יאַנקל אים געהייסן גיין שלאָפן.

דעם אַנדערן טאָג האָט ער אים אַוועקגענומען פון דער טאָקערייַ און אים אָנגעהויבן ווייזן וויאַזוי מע דאַרף האַלטן דאָס שניצמעסער, די דלאָטע, דאָס האָלץ, בייגעוודיק, אז מע זאָל נישט צעקאַליטשען די פינגער, די האַנט. דאָס יינגל האָט גיך אויפגעכאַפּט די מלאכה און באַלד האָט יאַנקל נעהאַט פון אים ניצן. דאָס יינגל איז געווען שטאַרק פאַרטאָן אין דער אַרבעט, ער האָט נישט געהערט, נישט געזען, וואָס עס טוט זיך אַרום זיך; האָט מען אים געהאַלטן פאַר א נאַר, א ביק. און, פאַרטיק דער צונאָמען. מיט דער צייט האָט ער אָנגעהויבן אָפּעגטפערן אויפן זידל־וואָרט, דערצו נאָך צום גראַם: שטריק, פליג, דריק קריק, אונטערשטרייכנדיק יענעמס א פעלער: אייגל, לאָקש, קאָטשערע, צוויי לינקע הענט, בלייערנער מלאך, ליימענער גולם און... שטומפּיק מעסער.

צוביסלעך לייגט ער אַוועק זיין יתומישע באַשיידנקייט און ער געוויינט זיך אָפּצוענטפערן. א נגידיש זונדל פרוואווט פון אים אָפּחוזקן: „מיט אַזוינע פינגער דאַרפסטו קענען שפּילן פּיאַנאָ״. משה ענטפערט״, איך האָב נאָך נישט געפּרו־

בירט ביז אצינדערט“. א נדידיש איידעמל נעמט משהן אויף דער האָצקע: אזוינע לאָווקע פינגערלעך קענסטו ווערן א קאָרטן־שפּילער פון יענע לייט, וואָס געווינען שטענדיק“. „דערצו בין איך צו א גרויסער קבצן“, ענטפערט ער מיט א כלומרש אומשולדיקער מינע. א ווערטלזאָגער פּרואווט אים טון א שטאָ: „פון וואנען נעמסטו אזוינע שיינע פליגל, וואָס דו מאָלסט און שניצסט אויפן ברעטל?“ משה בלייבט נישט שולדיק קיין ענטפער: „ביי מיר זענען די פליגל אין די הענט, נישט אין קאָפּ“.

זעצט זיך אמאָל לעבן אים אוועק א ייד, א נודניק, און האלט אין איין פרעגן קלאָץ־קשיות, מאכט צו אים משה: „פעטער יאָסל, ווייסט איר וואָס? זיצט איר דאָ אביסל און איך וועל גיין צו אל די רוחות. „יענער ברוגזט זיך“: דו האָסט א שארף צינגל נישט נאָר אין דיין מעסערל, נאָר טאקע אין פּיסקעלע אויך. „משה שמייכלט און ער האלט זיך קוים איין נישט צו ענטפערן: „אז מע טרעט אָן די לאָפּעטע, שלאָגט זי צוריק“.

שפּעטער מיט יאָרן, ווען משה האָט שוין געהאט א ווייב מיט קינדער איז ער געזעסן אין „קאָפּינע“ ביי א גלאָז טיי. לעבן אים האָט זיך איינער געלויבט מיט זיינע „דערפאָלגן ביי פרויען“ משה לאָזט אים אויסרעדן, דערנאָך מאכט ער מיט א שטילער מינע: „איך בין געווען אין קינאָ מיט מיין געוועזענער כלה.“ דער „דאָן זשואן“ ווינקט צו אים ממזריש: „אזוי גאָר! ווי־זשע הייסט זי?“

— זי הייסט ריסל.

— אזוי גאָר ריסל? ריסל און ווי נאָך? עס זענען דאָ אסך ריסלס אויף דער וועלט.

— פאר מיר איז דאָ נאָר איין ריסל...

— ווארט נאָר, דיין ווייב הייסט דאָך אויכעט ריסל...

— איז זי דען נישט געווען אמאָל מיין כלה. און דו חכם אָטעק, געמיינט, אז איך וועל פירן אין קינאָ א פרעמד ווייב“.

משה האָט טאקע גאָלדענע הענט, אָבער דאָס גאָלד רינט נישט אריין אין זיין קעשענע. אמת, דאָס שטיקל ברויט שלעפּט זיך, פּרנסה איז דאָ בכבוד. אָבער נישט ברווח. ער האָט שטאָלצירט מיט דעם מעדאל, וואָס ער האָט באקו־מען אויף דער עקספּאָזיציע פון בוקארעשט אין יאָר 1906. א קלייניקייט א בראָנדז־מעדאל. ער איז דעמלט געפאָרן קיין בוקארעשט. צום ערשטן מאָל אין זיין לעבן, פּאָרט ער מיט דער באן! און צוריקגעקומען א זאטער פון אזויפיל שיינע זאכן, וואָס ער האָט זיך דאָרטן געהאט אָנגעזען און אָנגעהערט.

דערנאָך האָט ער אָנגעהויבן שניצן מעבל פאר פּריצים. זיינס אן עסצימער איז פארקויפט געוואָרן אזש קיין ווין. ער איז געוואָרן א שטיקל שותף צו מעבל־

אטעליע און... ער איז אפילו מיטגעפאָרן מיט מעבל קיין ווין. איי, וואָס ער האָט זיך דאָרט אָנגעזען. „אויף דער וועלט לעבט מען,“ האָט ער באַוווּנדערט. ווען מע האָט אים געפרעגט וויאַזוי ער האָט זיך איינפּאַרשטאַנען מיט די ווינער האָט ער געענטפערט: „ווינעריש אויך מיר א לשון! א מין צעקאַליטשעט יידיש: וואַסער, ברויט, מעסער, פלייש, מילעך, זאַלץ, פעפער, וויין, כמעט ווי ביי אונדז נאָר מיט א פּאַסאַך. „וואָס?“ איז ביי זיי „וואַס“ און „דוס“ איז דאַס“. אָט איז די גאַנצע קונץ פון רעדן ווינעריש. נאָר אויף „מאַסלינעס“ זאָגן זיי „אָליוון“ און „סאַרדעלן“ הייסן ביי זיי „סאַרדינען“.

און משה האָט זיך ווייטער גענומען צו דער אַרבעט. דאָסמאָל האָט ער אויסגעשניצט דעם הערב פון מאָלדעווע צוליב דער אויסשטעלונג פון יאַס, אויפן קאָפּאָו. איצט האָט ער שוין געהאַט דעם עלטסטן זון, מילו, דאָס יינגל האָט טאַקע ביים טאַטן געלערנט די מלאָכה. משה האָט אים אָבער גלייכצייטיק געשיקט לערנען אין גימנאַזיע און שפּעטער אין דער היגער שולע פאַר קונסט. מילו איז אויסגעוואַקסן א סקולפּטאָר אין האַלץ. זיינע א סקולפּטור „דאָס שניידערל“ האָט נישט נאָר פּאַראַייביקט היגע האָרעפּאַשניקעס, נאָר קענערס האָבן געזאָגט, אַז זיין שניידערל דאַרף זיך נישט שעמען אַפילו פאַרן באַרימטן שניידערל פון דעם גרויסן רוסיש-יידישן קינסטלער אַנטאָקאָלסקי.

אויף מיין וואַנט הענגט א קרוין פון אַן ארון קודש, וואָס משה האָט געשניצט פאַר א שניידעריש שילעכל, וואָס איז באַמבאַרדירט געוואָרן אין יאָר 1944. איך האָב עס אַרויסגעראַטעוועט פון די חורבות. איך זע דערין נישט נאָר א שעפערישן אויפטו, נאָר אויך א עכאָ פון לאַנגע דורות יידישע פאָלקסקינסטלערס אין מאָלדעווישן שטח.

# גורלדיקע יאָרן

„קיין שום מאָדערנער שרייבער קען נישט אויסטראַכטן קיין קאָמפּליצירטערע איבער־לעבענישן איידער די געשעענישן, וואָס האָבן פּאַסירט מיט מיליאָנען מענטשן פון דעם עלטערן דור, דער דור, וואָס האָט איבערגעלעבט די צווייטע וועלט־מלחמה. אויף פּשוטער אקציע קען מען מער נישט בויען קיין דערציילונג. אָן א פּאַרטיפּטן אנאַליז פון דער נשמה, פון די געשעענישן, פון דער „וועלט־בינע“ זעט מען אוים באַנאַל און בלייך“.

אזוי טענהט צו מיר מיין חבר בלעטערנדיק א בוך. און ער ווייזט מיר די זוייטערדיקע דערציילונג. איך נעם מיך לייענען און אלצדינג ווייזט מיר אוים אי באַקאַנט, אי ... פּאַרקערט. לאָמיך הערן, וואָס איר וועט זאָגן צו דעם ...

„... אין יענע יאָרן, אָנהייב הייַנטיקן יאָרהונדערט, האָבן דריי קינדער ביי א פּשוטן יידישן בעל־מלאכה נישט באַטייט קיין סך. אָרעמערע פון אבנר באָדנער האָבן געהאַט צו צען קינדער! אייגעם האָט דער אייבערשטער באַשענקט מיט זיבן מיידלעך און א מעזיניק, א קדיש. ער האָט זיך געטרייסט מיט די רייד פון א בעל־דרשן „פאַר יעדן צוגעקומענעם מויל, וועט דער הימל שענקען נאָך א ביסן ברויט‘.

לצים פלעגן זאָגן, אז אבנר באָדנער, וואָס טראָגט א נגידישן נאָמען „גאָל־דמאַן“, האָט אין זיך עפּעס פון א נגיד. זיין ווייב פלעגט דערויף ענטפערן: „נאָך א מין נגיד סע נאָגט אים אויף דער נשמה, און סע שוואַכט אים ביי דער פּרנסה!“ פּרנסה און שוואַך האָבן זיך אָפּט געגראַמט אין רעב אבנרס בודזשעט.

א גליק, וואָס ער האָט נישט קיין סך קינדער: אינגאַנצן צוויי זין און איין טעכטערל. אין א בעל־מלאָכהשער שטוב זענען יינגלעך א ברכה, מע האָט אײ־ענע לערנייינגלעך, אייגענע געזעלן און ... א זון נעמט נדן, א טאָכטער גיט מען נדן.

מיט דער צייט האָט זיך אבנרם און זיין ווייבם חשבון אַרויסגעשטעלט פאַר א „מקח שטופּ“, א פאַרפעלטע קאַלקולאַציע. דער עלטסטער זון האָט טאַקע איבערגענומען דעם טאַטנס מלאָכה; דער צווייטער זון האָט אָבער נישט גע־פילט קיין באַזונדערע נטיה צו ווידמענען זיין לעבן דעם טעסען „דאָגעס“, קליצפּקעס, אויפצושטעלן פעסער, קאַנען, באַליעס, דישקעס. ער איז געוואָרן א קלייט־יינגל אין א לייפּסיקער־קלייט אויפן „פּריצישן מאַרק“, נישט ווייט פון דער קאַטעדראַלע. שפּעטער האָט ער אַרויסגעוויזן באַזונדערע פעיקייטן אי

זיין פאך און ער איז מיט דער צייט געוואָרן אַ שותף אין געשעפט. אויף דער עלטער איז ער געוואָרן גבאי אין דער גרויסער שיל. דער זכות פון דער „רויטער ברוק'ער תלמוד תורה" איז אים בייגעשטאַנען.

דער דריטער זון איז אויך נישט געוואָרן קיין באָדנער, נאָר ... אַ דאָקטער. לאָמיך אָבער נישט כאַפּן די נעץ פֿאַר די פֿיש. דערווייל האַלטן מיר נאָך אין יאָר 1905 און אָט דער דריטער זון איז נאָך נישט געבוירן געוואָרן. דערווייל לעבט רעב אבנר און זיין הויזגעזינד זייער שווער. שיינדל, זיין פרוי, קען ווייניק פאַרדינען מיט איר ביסל צושניידערן. אַז מע דאַרף פאַרזאָרגן די באַלעבאַטע-שאַפט מיטן מאַנס מאַגערע פאַרדינסטן בלייבט איר ווייניק צייט אויף שניידעריי. דערביי איז נאָך אַזאַ מעשה. אין יאַס געפינט דער מאַן אַצינד גאָר ווייניק אַר-בעט. לאָזט ער זיך איבער דערפער און שטעטלעך פאַרריכטן פעסער און הילצערנע מכשירים. צום גליק געפינט ער, סוף זומער, אַרבעט ביי אַ באָדנער אין אַ נאָענט שטעטל. אויף שבת קומט ער אַהיים צו ווייב און קינדער. איינמאָל, כדי צו שפּאָרן אַ באַן-בילעט, לאָזט ער זיך גיין צופוס אַהיים, אַ מהלך פון צוואַנציק קילאָמעטער. ער גייט באָרוועס, כדי צו שאַנעווען די שיך; אויפן וועג „כאַפּט ער זיך" אַמאָל אַרויף אויף אַ פּויעריש וועגעלע, אָבער שבת דערפילן זיינע פיס דעם שווערן וועג, נאָך אַ וואָך שווערע האָרעוואַניע, טעסען גרויסע קלעפּקעס צי בינדן די גרויסע פעסער פאַר די באַרימטע מאָלדעווישע ווײַנען. דאָס עסן, וואָס ר'איציק באָדנער גיט אים ווי אַ צולאָג צום וואָכן-געלד, איז נישט גענוג פאַר זיין האָרעוואַניע. נאָר, אַבי סע איז דאָ אַרבעט.

דאָס דריטע ייִנגל, מאיר, איז געבוירן אַ יאָר איידער עס האָט אויסגעבראָכן דער באַרימטער פּויערן-אויפשטאַנד פון 1907. יאָרן פון קריזע האָבן שווער פאַריאָכט דעם פּויער און די שטעטלדיקע אָרעמשאַפט האָט מיטגעליטן. און נישט נאָר פון דער קנאַפּער פּרנסה. בעתן אויפשטאַנד זענען יידישע בעלי-מלאָכהס אָפּגעקומען פאַר די זינד פון עטלעכע נגידים אַרענדאַטאָרס. זייער ביסל האָב-און-גוטס איז געפאַלן אַ קרבן פונעם אויפגעהעצטן פאָלקס-צאָרן. און ווען קליינע סוחרים און האַנטווערקער האָבן געפרעגט זייערע באַקאַנטע פּויערים, ווי עס איז מעגלעך געווען די דעוואַסטירונג פון וואַרשטאַטן און קרעמלעך, האָט מען זיי געענטפערט מיט חרטה: „אַ פאַקט טשאַסול טשעל ראַו", עס איז געווען אַ צרה ...

מאיר איז אויפגעוואַקסן ווי יעדעס ייִנגל אויף זייער גאַס. מע האָט זי גערופן „די אַלטע וואַמע" ווייל אין אירם אַן אָפּצווייג איז אַמאָל געשטאַנען די „וואַמע", די „טאַמאָזשנע" וווּ מע פלעגט צאָלן איינפאָר-טאַקסעס (די שטאָט יאַס איז געווען נאָענט צו דער גרענעץ), די גאַס האָט זיך אָנגעהויבן לעבן דער „האַלע",

דער מארק, ווו מע האָט געקענט קויפן דאָרפישע פּראָדוקטן און ווו עס פלעגן אויפגעשטעלט ווערן „פאנאָראמעס“, צירקן, רייזנרעדער און אנדערע פארכישופטע ווינקלען פארן קינדערישן יצר הרע. די גאס האָט זיך געשלענגלט צווישן א בארימטן וויין-קעלער און א שפּיגל-פאבריק, פארביי א חסידישער קלויז, עטלעכע נגידישע דירות און געענדיקט טאקע ביי דער בארימטער רויט געפארבטער הילצערנער ברוק איבערן טייכל באכלוי.

צו פינעף יאָר איז מאירל געגאַן אין חדר, צו זיבן יאָר האָט מען פארשריבן אין דער בארימטער „איזראעליטיש-רומענישער פאָלקס-שולע מיטן נאָמען „זשונימעא גומער צוויי“, ווו מע האָט א האלבן טאג געלערנט אלגעמיינע לימו-דים ווי אין דער מלוכהשער שולע און נאָכן עסן, יידישע לימודים: דאוונען, אביסל חומש און לשון קודש לויט די בארימטע לערנביבער פון א. גאָלד, אויף וועלכע עס האָבן זיך געלערנט יידישקייט היגע תלמידים אין משך פון פערציק יאָר. אביסל דייטש האָט מען אויך געלערנט, לויטן ווונטש פון די משכיליש-אסימילאטאָרישע שול-מנהיגים און פארזאָרגער. פארוואָס דייטש? ווייל, ראשית, רעדט דאָך יעדעס קינד „זשארגאָן“, א פארקריפּלט דייטש! זאָל ער אויסלערנען אביסל לייטיש דייטשיש לשון. צווייטנס, איז דייטש גוט פאר דער קאָרעספּאָנ-דענץ מיט עסטרייכישע און דייטשישע סוחרים (טאָמער וועט א ייִנגל אויסוואקסן א ... סוחר!) און, דריטנס, א ייד ווייסט נישט צי ער וועט נישט מוזן אויסוואנדערן, איז גוט צו קענען א וועלט-שפּראך.

דער טאטע, אבנר הייסט עס, האָט קליינערהייט געלערנט אין דער תלמוד תורה. רומעניש און רעכענען האָט אים צוגעלערנט א לערער, וואָס פלעג אהיים-קומען. אזוי צי אזוי, שפּעטער האָט רעב אבנר געקענט אריינקוקן אין א רומעניש בלאט אָדער אין א יידיש מעשה-ביכל. אמאָל פלעגט ער באָרגן ביי א באקאנטן דאָס בארימטע יידישע בלאט פון בוקארעשט, דעם „היועץ“, כאָטש דאָס דייטש-מעריש פון אייניקע ארטיקלען זענען אים פאָרגעקומען גאָר פריקרע ...

נאָר, איך האָב מיך פארערדט, און צוליב דעם טאטן האָב איך פארגעסן אין זון. מאיר האָט פארענדיקט דעם דריטן קלאס פאָלקסשולע אין דעם זעלבן זומער 1916, ווען רומעניע איז אריינגעטרעטן אין דער מילחמה, כדי צו באפרייען די אנטערדרוקטע ברידער און טעריטאָריעס. שפּעטער האָט מען דאָס אָנגערופן די ערשטע וועלט-מילחמה (דעמלט האָט מען געמיינט, אז עס וועט זיין די לעצטע, און היינט האָט מען שוין מורא פאר א דריטער וועלט-מילחמה, וועלכע קען

טאקע אָבער זײַן די לעצטע מילחמה און די לעצטע תקופה פון מענטשלעכער געשיכטע אויף אונדזער זונדיקער ערד.)

באַלד האָבן זיך אָנגערוקט ביטערע צײַטן. די װילהעלמישע אַרמייען האָבן באַפאַלן רומעניע, פאַרכאַפּט אַ גרויסע טייל טעריטאָריע. נאָך שווערע, העלדישע קאַמפן האָט מען זיך צוריקגעצויגן קיין מאָלדעװע. אַ שווערער װינטער: פראָסט, טיפוס, כאָלערע מאַנגלען, אומצאָליקע פּליטים.

דער טיפוס האָט געבושעװעט דער עיקר צווישן דער אָרעמער באַפעלקערונג. אַבנרס מישפּחה איז נישט געשאָנעװעט געוואָרן. מאירל האָט זיך „אָנגעפּולט" מיט דער קראַנקהייט ערגעץ צווישן די שפּיל־חברים און איז געלעגן אין גרויסער היץ. מע האָט אים געוויקלט אין קאַלטע לײַלעכער טאָג און נאַכט און דערמיט אָפּגעשלאָגן די הויכע טעמפּעראַטור. נאָך אַ צײַט איז דאָס קינד אַרויס פונעם קראַנקן־בעט. מע האָט אים געהאַט אָפּגעשוירן די שיינע געקרײַזלטע בלאָנדע האָר. די שיינע בלויע אויגן, דער גוטמוטיקער שמייכל זענען געווען אויסגעלאָשן

די געטרײַע מאַמע, אין וועמען ער האָט געסאַמעװעט, װעלכע האָט אים באַוואַכט און באַזאָרגט בעת דער קראַנקהייט, האָט איצט אָפּגעריסן דעם אייגענעם ביסן פון איר מויל כדי דאָס קינד זאָל קומען צו די כוחות. דער מאַן איז שוין געווען איבער די פּערציקער האָט מען אים נאָכנישט גערופן אין מיליטער. דער ייִנגערער זון, אונטער 18 יאָר, האָט דערווײַל געקענט אַרבעטן ווי אַ ציוויליסט.. דעם עלטערן זון האָט די מילחמה פאַרכאַפּט בעת זײַן געווײנטלעכן דינען אין מי־ליטער. אַ שטיק צײַט האָט מען פון אים נישט געהאַט קיין ידיעות און מע האָט געוואַרט יעדן טאָג מיט האַרצקלאַפּעניש אויף דעם פּאָסט־טרעגער, טאָמער ברענגט ער אַ פּאָסטקאַרטל. דער זון האָט אָבער געהאַט „געשענקטע יאָרן" ווי די מוטער האָט געזאָגט שפּעטער. ער האָט זיך אַפילו באַטייליקט אין די העלדישע שלאַכטן בײַ מאַראַשעשט טאַקע מיט זײַן יאַסער רעגימענט, און ער איז געוואָרן שווער פאַרוואונדעט. ער איז לאַנג געלעגן אין שפּיטעלער („מע האָט מיך צונויפ־געשטיקעוועט", פלעגט ער דערנאָך דערציילן), אָבער ער איז אהיימגעקומען אַ לעבעדיקער ערגעץ פּרילינג 1918. ער איז געוועזן אויסגעמאָגערט און די אָפּגע־ניצטע מיליטערישע קליידער האָבן אים נישט צוגעגיבן קיין באַזונדערן חן. אָבער אין עטלעכע חדשים איז ער „צו זיך געקומען" און געוואָרן אַ שיינער חתן־בחור.

דער ייִנגערער ברודער האָט כמעט די גאַנצע צײַט פון דער מילחמה געאַרבעט נישט קיין באָדנעריי (פעסער איז דעמלט געלעגן אין זינען.) נאָר סטאָלערײַ. דאָס מיליטער האָט זיך געניײטיקט אין באַראַקן, שולעס, שילן זענען געוואָרן שפּיטעלער, האָט מען געדאַרפט אויפשטעלן בעטן טישן, געשטעלן וכדומה.

ווער עס האָט געקענט האַלטן אַ זעג אין דער האַנט האָט זיך אָנגערופן אַ סטאָליאַרע און נישט געמוזט גיין אויפן פראָגט.

נאָכן געזונט ווערן האָט מאירל נישט געדאַרפט גיין אין שולע. דאָרט איז איצט געווען אַ שפּיטאָל פאַר טיפוס-קראַנקע. האָבן זיך די קינדער געשפּילט צו זאַט. אָבער די תלמוד-תורה האָט קיינעם נישט געשענקט. מע האָט געמוזט גיין לערנען. אמת, דער מלמד איז שוין נישט אַזוי שטרענג ווי אַמאָל. אַ זון און אַן איידעם זענען אים אויפן פראָנט און זעלטן באַקומט מען עטלעכע שורות אויף אַ פּאָסט-קאַרטל געמאַכט פון בעריאָזע-קאָרע. די שווערע צייטן האָבן סיי ווי אַוועקגענומען אַסך פון זיין אַמאָליקער שטרענגקייט און דער קאַנטשיק איז אַצינד מער אַ סימבאָל ווי, להבדיל, דער סצעפּטער פון אַ קעניג.

ביי מאירן אין דער היים איז די מאַמע זייער פאַרזאָרגט. צו אַלע מאַנגלען, האָרעוואַניעס און צרות טראַכט זי איבער: וואָס וועט זיין, אויב די מלחמה וועט זיך פאַרציען אין דער לענג? דערמלט קען מען דאָך „איינרופן" מענער איבער די פערציקער און יינגלעך אונטער די צוואַנציק יאָר. וועט עס זי טרעפן.

דערווייל הערט מען צווישן שכנים יעדן טאָג טרויעריקע נייעס: חיימס זון איז „געפאַלן" אויפן פראָנט, מאַריאַס אייניקל האָט פאַרלוירן אַ פוס, שרהס איידעם ליגט אין שפּיטאָל און ער וועט בלייבן אַ קאַליקע אויפן גאַנצן לעבן.

ווען מע קוקט זיך אָן די שטאָט יאַס מיט די טויזנטער אָנגעלאָפענע פּליטים פון די אָקופּירטע געביטן מיט אַזויפיל רומענישע און רוסישע סאָלדאַטן, וואָס מע גרייט צום פראָנט, מיט דער פראַנצויזישער מיסיע בראש מיטן גענעראַל בערטעלאָ, וועלכע ווינט ערגעץ אויפן קאָפּאָו, מיטן פראַנצויזישן שפּיטאָל מחוץ דער שטאָט, מיט די אַלע אַמטן פון אַן הויפּטשטאָט (ווייל יאַס ווערט איצט פאַררעכנט פאַר דער הויפּטשטאָט פונעם לאַנד), פאַרגעסט מען אין די אייגענע צרות און מע זאָגט „גם זו לטובה", אַבי מע זיצט נאָך אין דער אייגענער היים.

סוף כל סוף האָט זיך די מלחמה פאַרענדיקט. סוף 1918 האָט רומעניע צוגעקריגן די טיילן פון איר טעריטאָריע, וועלכע זענען אַלאַנגע צייט געווען אונטער אַ פרעמדער הערשאַפט און עס האָט זיך אָנגעהויבן אַ תקופה פול מיט האָפענונג און זאָרגן, מיט שווערקייטן און ביטחון, מיט נייע זוכענישן און אַלטע בלאָנדזשענישן. אַלטע אימפּעריעס זענען זיך צעפאַלן און אונטערדרוקטע פעלקער זענען אויפגעריכט געוואָרן. אין רומעניע האָבן יידן סוף כל סוף באַקומען יורידישע גלייכבארעכטיקונג און זייער צאָל אין דעם דערגענצטן לאַנד איז געוואָרן דריי מאָל גרעסער. ווי פריער.

מאיר האָט אַנדערע פּראָבלעמען. ער פאַרענדיקט די פערטע קלאַס פאָלקסשולע. וואָס וועט זיין ווייטער? ער פילט אַ מורא פאַרן ווייטערדיקן לעבן, פאַר די קומענדיקע טעג, וואָכן, חדשים, יאָרן, פאַר דער וועלט, וואָס וועט ווערן

ברייטער איידער זיין גאס, זיין קווארטאל, זיין שטאט. ער פילט דאס נישט קלאר, גאר עפּעס ווי א מין נעפּלדיקן אומרו. ער ווייסט. אז ער האט „א גוט קעפּל“ און ער וואלט געוואלט לערנען „אין די קלאסן“. צי וועט דער טאטע אים קענען אויסהאלטן אין גימנאזיע? צי וועט דער עלטערער ברודער אים נישט מקנא זיין? צי וועט ער נישט זאגן: „איך וועל הארעווען, אונטעררייסן די קישקעס און ער וועט שטודירן ווי א פּריץ?

ביז דער מילחמה איז פאר א יידיש יינגל, און פאר א בעל-מלאכהש זונדל אוודאי, געווען א גאר שווערער ענין צו לערנען אין א מיטלשולע. אין דער יידי-שער פּירקלאסיקער גימנאזיע, וואס האט געטראגן דעם נאמען פון דעם באקאנטן אינדוסטריאל און גדבן מאריץ וואלטעל, האט מען באדארפט צאלן שול-טאקסטע און אין די מלוכהשע שולעס האט מען גאר זעלטן אויפגענומען א יידן, ווייל יידן זענען יורידיש געווען „פּרעמדע“, כאטש זיי האבן געוווינט אין לאנד פון דריי דורות און מער, געצאלט שטייערן, געדינט אין מיליטער, געקעמפט בעת מילחמה, אויסגעפירט אלע התחייבותן פון א בירגער, אבער אן די געהעריקע רעכט.

איצט אבער איז געשען דער לאנג דערווארטעטער נס. נאך דער מילחמה איז איינגעפירט געווארן אלגעמיינע וואל-רעכט (אויך פאר די מיליאנען פויערן און ארבעטער), מע האט געגיבן די פּויערים ערד און די יידן, פּאליטישע רעכט. איצט האבן יידישע קינדער געקענט לערנען אין די מלוכהשע שולעס, באגלייך מיט דאלן אנ־ע:ער. דער אפּצאל איז נישט געווען קיין גרויסער.

ווען מאירל האט מיט א פּרעמיע פאראנדיקט די פיר קלאסיקע פאלקשולע, איז ביי זיי אינדערהיים פארגעקומען א גרוים „באראטעניש“. טאטע-מאמע, ברידערס און פעטערס און סתם גוטע פריינד האבן ארומגעשמועסט דעם ענין וואס טוט מען ווייטער מיט מאירן? ער האט א גוט קעפּל. אפשר וועט פון אים ווערן א דאקטער (אוי, ווי גוט סע איז צו האבן א דאקטער אין דער מישפּחה! טראכטן די מומעס). עס איז גוט, אי שיין. אפילו פאר א שידוך איז גוט צו האבן א שוועסטערקינד א דאקטער. אבער ... ביז צו ווערן א דאקטער מוז מען לער-נען אכט יאר „ליטשעו“, דערנאך פינעף יאר מעדיצין, דערנאך ... ווו נעמט מען געלד אויף צו עפּענען אן אייגענעם קאבינעט ...

מאיר איז נישט געווען דערביי, ווען מע האט ארומגעשמועסט זיין גורל. אבער נאכדעם וואס די „גרויסע“ האבן באשלאסן, אז דאס יינגל וועט „שטודירן“ האט מען אים ארייגערופן, געפרעגט, וואס ער וויל ווערן: א לערניינגל צו א גימנאזיסט, האט ער גאר ערנסט געענטפערט, אז ער וויל לערנען אין גימנאזיע און אפילו ווייטער אויכעט. מע האט אים אנגעוויזן ווי שווער עס איז דאס לער-

נען, וויפֿל סע קאָסט, ווי לאַנג עס געדויערט. סיי די מישפּחה, סיי ער וועלן זיך מוזן אָפּזאָגן פֿון אַסך זאַכן, כּדי ער זאָל קענען „ווערן אַ מענטש". אָבער דער־ווייל מוז ער שוין „זיין אַ מענטש". דאָס ייִנגל האָט געענטפֿערט ערנסט ווי אַ גרויסער: „יאָ, ער נעמט זיך אונטער. ער וועט לערנען. ער האָט ליב צו לערנען. אַ סימן, ער האָט באַקומען אין שולע די ערשטע פּרעמיע.

אַזויאַרום איז מאיר אָנגעקומען פֿאַר אַ תּלמיד אין ערשטן קלאַס פֿון דער פּירקלאַסיקער גימנאַזיע „שטעפֿאַן טשעל מאַרע". דער בנין איז געווען אַן אַלטער פּריצישער פּאַלאַץ, מיט אַ שיינעם אַריינפֿאָר מיט קאָלאָנעס מיט אַ שטיינערנע מויער אַרום. די שילער זענען געווען פֿון אַ באַזונדערן סאָרט, אַנדערש ווי ביז צו דער מילחמה. איצט זענען געווען אַסך קינדער פֿון בעלי־מלאכהס, קליינע הענדלערס, אַרבעטער, קליינע באַאַמטע און דאָרפֿישע קינדער. די לערערס זענען געווען ס׳רוב עלטערע, אויסגעדינטע (מע האָט אין יענע יאָרן אויפֿאַמאָל געשאַפֿן צענדליקער נייע מיטלשולעס אין רומעניע, איז ווו־זשע נעמט מען אַזויפֿיל לערערס? האָט מען אימפּראָוויזירט לערערס. אין עטלעכע יאָר אַרום איז שוין געווען גענוג לערערס). דער דירעקטאָר, געאָרגע נאַדעזשדע, אַן אַמאָליקער סאָציאַליסט, האָט געלערנט פֿיזיק און כעמיע. דער נאַטור־וויסנשאַפֿטלער האָט ליב געהאַט און געקענט זיין פֿאַך. ער פֿלעגט גיין מיט די תּלמידים איבער פֿעלדער און וועלדער (יאָס האָט אַ שיינע סביבה!) באָטאַניזירן, זאַמלען שמעטערלינגען, זשוקעס, שטיינדלעך־מוסטערן און אַרויסגערופֿן ליבע צו דער נאַטור. דער לערער פֿאַר געאָגראַפֿיע איז געווען אַן אַלטער בחור, וואָס האָט זומער און ווינטער געטראָגן קליידער פֿון ברוינעם, גראָבן פּויערישן שטאָף. זיין גרויסער, שירעם האָט אים באַגלייט אַ גאַנץ לעבן זומער און ווינטער, טאָג און נאַכט, אין דער גרעסטער היץ און אין דער ערגסטער קעלט. ער פֿלעגט מאָנען ביי זיינע תּלמידים, אַז זיי זאָלן צייכענען די קאַרטע פֿון יעדן לאַנד. מע האָט זי נישט געטאָרט אָפּקאָפּירן מיט אינדיגאָ אָדער מיט דער הילף פֿון „קעסטעלעך". דער מאַטעמאַטיק לערער, ניקאַ, אַ געשליפֿענער בוכהאַלטער און רעוויזאָר אין דער „באַנקאַ מאָלדאָווא" האָט מיט אַ גרינגער האַנט דורגעפֿירט זיינע לימודים. מאיר האָט ביי אים געלערנט גאַנץ גוט. דער לערער פֿאַר דייטש איז געווען אַ בוקאָווינער רומענער, אַ קלוגער, וויציקער, אינטעלעקטואַלער באָהעם. ער פֿלעגט דערציילן מעשיות פֿון זיין לעבן און דאָס לערנען איז געווען ווי אַ גאַרניטור צו דעם בראָטן, זיינע וויצן. זיינע ייִדישע תּלמידים, וועלעכע האָבת גערעדט ייִדיש, האָבן גיך פֿאַרשטאַנען, אַז ברויט איז בראָט, וואַסער, לאַנג, איז אויף דייטש מיט אַ „פֿאַסעך". אַז קויפֿן איז קאַופֿען. זיי האָבן נאָר אַ טעות געהאַט, ווען זיי האָבן געמיינט, אַז שילערס דראַמע הייסט" די גאַנאָווים". אויף צו גע־

דענקען די דעקלינאציע פון „די, דער, דער, די", האָט דער לערער געהייסן זיך דערמאָנען אין יידישן: דו דאר, דאר דו" אָבער לויט דער דרום יידישער אויסשפראך ... ער פלעגט דערציילן פון זיין מיליטער־דינסט אין פראנץ־יאָזעפס ארמיי ווי א „אייניעריקער פרייוויליקער" אָנהייב היינטיקן י״ה. דער פעלדוועבל, וואָס האָט מיט זיי „מושטירט" האָט נישט ליב געהאט די קומענדיקע אדוואָקאטן, פּראָפעסאָרן, אינזשינערן און ... רעזערווע־אָפיצירן, וואָס וועלן באלד קוקן אויף אים פון„ אויוון אראָפּ", פלעג טער זיי יאָגן איבער פעלדער און וועלדער, זיי טרייבן איבער זומפּן און בלאָטעס. איינמאָל האָבן זיי זיך אָפּגעזאָגט צו קריכן אין א מיאוסער בלאָטע. האָט ער זיי ראפּאָרטירט פארן הויפּטמאן. יענער האָט זיי געפרעגט: „צי האָט איר נישט געשווירן צו דינען דעם קיסר אין פייער און אין וואסער, אויף דער ערד און אין דער לופט, וווּ מע וועט באפעלן?" „יאָ, אָבער נישט אין בלאָטעס!". ער האָט ליב געהאט א גלעזל וויין, סע רעדט זיך נאָר אזוי: א גלעזל; אין דער אמתן איז עס געווען א ליטער און צוויי און דריי מיט א גוטן צוביים און א שמועס, וואָס האָט זיך געקענט פארציען ביז פארטאָג.

און אויב דאָס ווייב האָט אים אויפגענומען מיט א געהעריקן „ברוך הבא" פלעגט ער איר זאָגן: „שא, שטיל, דו וועסט נאָך אויפוועקן די שכנים, וועט זיין א פינצטערע בושה", ער האָט אָבער נישט געזאָגט וועמען עס וועט זיין א בושה, אים צי איר.

אין פערטן קלאס האָט זיך מאיר באקענט און גיך אָנגעחברט מיט א נייעם תלמיד יואל קליינשטאָט, וועלכער האָט זיך איבערגעצויגן קיין יאס פון א דערבייק שטעטל. מאיר האָט אים פארבעטן צו זיך אהיים. יואל האָט פון קינד־וווייז אָן ליב געהאט צוצוקוקן וויאזוי עס ארבעטן בעלי־מלאָכהס; ער פלעגט שטיין אין הויף פון א היימישן באָדנער, צוגעקוקט ווי מע טעסעט „דאָגעס", קלעפּקעס, ווי מע שטעלן אויף גאנצע קליטן, טורעמס קלעפּקעס צום אויסטרו־קענען, ווי מע בינדט פעסער, ווי מע באקלאָפּט די אייזערנע רייפן. ער האָט ליב געהאט זיך צו דראַפּען אויף די קליטן, כאָטש עס איז געווען געפערלעך.

איצט האָט ער אָנגעהויבן אָפטער צו קומען צו מאירן; מע האָט איניינעם געגרייט לעקציעס, געלייענט, געשריבן, געצייכנט. מאיר איז געווען א גוטער מאטע־מאטיקער, יואל, א ליבהאָבער פון לשונות. חוץ יידיש און רומעניש און אוודאי חומש און לשון קודש, האָט ער געלייענט דייטש און פראנצויזיש, א ירושה פון דער מאמען. צו זיי איז צוגעקומען א דריטער חבר, משה חנא (שפּעטער איז ער געוואָרן אן אפּטייקער און א שרייבער אויף רומעניש) און מע האָט איניינעם אויפגעשטעלט א קליינע כעמישע לאבאָראטאָריע.

מיט שטאָלץ פלעגט מען יעדע וואָך גיין איינקויפן אין א קלייט לעבן דעם בארימטן אנטיקוואר שאראגא, גלאָזערלעך, פרווו-פלעשלעך, רעטאָרטעס, כעמישע מאטעריעס און בעת די עלעמענטארע כעמישע אָפעראציעס האָט מען זיך געפילט ווי מיטלאלטערלעכע אלכעמיקער. איינמאָל האָט מען נישט ריכטיק צענויפגעמישט די כעמיקאליעס, איז אויסגעבראָכן א שטיקל שריפה. און דערמיט האָט זיך געענדיקט די היימישע לאבאָראטאָריע, ווייל פון אָט דער שריפה האָט זיך אפגעקילט זייער ענטוזיאזם. און דאָך איז איינער פון די דריי חברים שפעטער אויסגעוואקסן א דאָקטאָר אין כעמישע ווויסנשאפטן.

די היימען האָבן וואַרעם אויפגענומען ביידע חברים. נאָכמער, יואלס טאטע האָט זיך דערמאָנט, אז אבנר האָט אמאָל געארבעט אין זייער שטעטל און אז ער פלעגט קומען איינקויפן פאר זיין מיינסטער רייף-אייזן, ניטן צום בינדן די רייפן וכדומה. אויך אבנר האָט זיך דערמאָנט אין רעב הערשלען און די פריינטשאפט איז געוואָרן א נענטערע.

מאיר האָט געהאט א פיין שליטעלע„ האָבן זיך די חברים געשליטלט אויף „באשאָטעם בארג“, ווי מע האט גערופן דאָס שיפּע געסל לעבן דער שולע אָדער אויף דעם געסל „באָטאניקא“ לעבן אבנרס דירה. מע האָט זיך געשליטלט ביז מע האָט זיך גוט אָנגעפרירט איז מען אריין אין שטוב. מאירס מוטער האָט זיי דערלאנגט הייסע טיי מיט גרויסע שטיקער ברויט מיט פּאָווידל. אויב די קינדער האָבן אמאָל געלערנט שפעט אויפדערנאכט האָט מען זיי דערנאָך אָווירט מיט הייסן מאליי מיט ראָזשינקעס אָדער (חנוכה-צייט), מאמעליגע מיט גריוון. די גריוון זענע געווען א מין „אָפּפאל“ פונעם פרעגלען פסחדיק שמאלץ. אזוי איז אוועק דער ווינטער און פסח-צייט האָט מען זיך גענומען לערנען פארן אויפנעם-עקזאמען אין פיפטן קלאס ליציי (א מין „היי-סקול“).

עם לערנען איצט איניינעם מאיר, יואל און א פרישער חבר, שלמה. זיין טאטע איז א גוטער צושניידער פון קאָנפעקציע קליידער. ער האָט זיך צוביסלעך ארויפגעארבעט און איצט, זומער 1923, האָט ער א גרויסן ווארשטאט און א גרויסע קלייט פון פארטיקע קליידער. מע לערנט אין הויף, וווּ עס שמעקט מיט פריש געהאקטע ביימער, מיט זשיוויצע און, אביסל שפעטער מיט צעבליטן בעז און אקאציע. מע האָט געלערנט איניינעם און שפעטער האָט מען פיר יאָר צייט איניינעם געלערנט, געטרוימט, געהאָפט און זיך געמענטשט אין דעם בארימטן „נאציאָנאל-ליציי“ פון יאס, נאָענט צו דער בארימטער „פיאצא אונירי“. דער בנין שטייט נאָך אצינדערט און די שולע האָט פיר מאָל אזויפיל שילערס איידער אמאָל. ווען שלמה איז געקומען צו גאסט קיין יאס שפעטער מיט יאָרן האָט ער וויזיטירט די שולע און געלאָזט א טרער נאָך די יוגנט-יאָרן. און

דאָך איז אים געלונגען אין לעבן. נאָכן פארענדיקן די מיטלשולע האָט אים אָפּגעזוכט דעם טאטנס א ברודער, וועלכער איז אוועק פון רומעניע אין יאָר 1900, בעת דער בארימטער עמיגראציע צופוס. דער פעטער, אויך א שניידער, האָט שווער געהאָרעוועט, זיך ארויפגעארבעט און געהאט א פאבריק פון טעקסטיל און קליידונג. ווייל ער האָט נישט געהאט קיין קינדער האָט ער שלמהן ארויסגערופן צו זיך, אים אויסגעשטודירט פאר א טעקסטיל-אינזשינירער און אים געלאָזט פאר א יורש. שלמה האָט איצט געפירט איינענע געשעפטן און תמיד געבענקט נאָך רומעניע, כאָטש ער האָט דאָ געלעבט בלויז צוואנציק יאָר, בעת אין מאנטשעסטער האָט ער שוין געוווינט זינט קנאפּע פופציק יאר. ער האָט נאָך גערעדט רומעניש און אוודאי, יידיש. דאווענען פלעגט ער גיין, ימים נוראים, אין א שיל פון יידן, וואָס האָבן געשטאמט פון רומעניע.

אין ליציי, א נייע וועלט. אייניקע לערערס זענען נישט נאָר גוטע פּעדאגאָגן, נאָר אויך איידעלע אינטעלעקטואלן. מאיר און זיינע חברים וועלן פילן זייער איינפלוס אסך יאָרן שפּעטער אויכעט, כאָטש זיי וועלן אידעאָלאָגיש און פּאָליטיש זיין ווייט פון דעם וועלטבאנעם פון אָט די לערערס. באזונדערס עגדענקט מען דעם לערער פון רומעניש קאָסטאקע באָטעז, א פיינער, דיסקרעטער ליטעראטור-פאָרשער, מיט פארשטענדעניש פאר נייע שטראָמען אין דער ליטעראטור, א מענטש, וואָס האָט געהאָלפן אנטוויקלען ביי זיינע שילערס א חוש פאר ליטעראטור און קונסט. א צווייטער, פיינער אינטעליגענט איז געווען דער לערער פאר פראנצויזיש און פילאָסאָפיע, אָקטאוו באָטעז. זיי האָבן געשאפן א שטימונג און אטמאָספערע פון גייסטיקייט, פון אקטיוון אינטעלעקטואליזם. עס איז דערפאר קיין וואונדער נישט, וואָס די עקטרעם-רעכטע באוועגונגען האָבן אין אָט דעם ליציי נישט געפונען קיין אָפּקלאנג. דער לערער פון מאטעמאטיק איז נישט געווען קיין פאסיקער פעדאגאָג פאר מיטלשול. (ער האָט געהאט א קאטעדרע פאר מאטעמאטיק אויף דער אוניווערסיטעט). און דאָך זענען אין זיין קלאס אויפגעוואקסן אזוינע מאטעמאטיקער ווי דער שפּעטערדיקער מיטגליד פון דער רומענישער אקאדעמיע פאר וויסנשאפטן און וועלט-בארימטער מאטעמאטיקער מענדל (יאָ, מענדל)! חיימאָוויטש. אָבער א טייל פון די בעסטע מאטעמאטיקער אין קלאס זענען שפּעטער געוואָרן אדוואָקאטן, זשורנאליסטן, אפּטייקערס און אפילו ... אינזשינערן. אנדערע, טאקע ווי אונדזער מאיר, זענען געוואָרן מעדיקערס.

אבנרס גרויסע איבערלעבענישן, גייסטיקע ראנגלענישן, געזעלשאפטלעכע אָריענטאציעס זענען אָבער פאָרגעקומען מחוץ דער שולע. די גרויסע ענדערונגען אין אייראָפּע און אויף דער וועלט זינט אָקטאָבער 1917, דאָס ווידער אויפלעבן

פון פעלקער, לענדער, מלוכות, די נאָכווייענישן פון די שווערע מילחמה־יאָרן, דער וווּקס פון סאָציאַל־פּאָליטישן און נאַציאָנאַלן באַוווּסטזיין, נאַציאָנאַליס־טישע אָפּנייגן און עקאָנאָמישע וואַקלענישן האָבן אים און זיינע חברים מער אינטערעסירט איידער די שולע. אבנר איז אָבער געווען א גוטער תּלמיד און אָפּגעגעבן דער שולע די צייט און אויפמערקזאַמקייט, וואָס זי פאַרדינט. אָבער די גרויסע פּראָבלעמעס זענען געוואַקסן מחוץ דער שולע.

אבנר, זיין חבר יואל, א דריטער חבר, הערמאַן שטיינמאַן, דער בן־יחיד פון א שטילן יידישן רעסטאָראַטאָר (שפּעטער האָט ער אויסשטודירט אַפּאַטעקער און איז אומגעקומען אין יאַסער פּאָגראָם פון יוני 1941) האָבן אָנגעהויבן ביי־צוזיין אויף די פאַרזאַמלונגען פון די אַזוי־גערופענע „אוניטאַרישע סינדיקאַטן, וועלכע פלעגן פאָרקומען אויף דער גאַס קאָלאָנעל לאַנגאַ, אין דער דירה וווּ עס האָט אַמאָל געוווינט דער באַרימטער רעוואָלוציאָנאַר מאַקס וועקסלער (די פּאָ־ליציי האָט אים „ליקווידירט“ בעת דער ערשטער וועלט־מילחמה). דאָ האָבן די יונגעלייט זיך באַקענט מיט פאַבריק־אַרבעטער, געהערט לעקציעס פון דער אַלטער סאָציאַליסטקע אַרבאָרע, פון דעם דעמאָקראַטישן פּראָפעסאָר פּאַרכאָן (שפּעטער איז ער געווען דער פּרעזידענט פון דער רומענישער פאָלקס־רעפּו־בליק), פון דעם דעמאָקראַטישן סטודענט מירזאַ (שפּעטער איז ער געווען א באַרימטער וויסנשאַפטלער). דאָ זענען אַרויסגעטרעטן יונגע אַרבעטער מיט אַגיטאַטאָרישן טאַלענט, דאָ האָט מען פאַרקויפט אַרבעטער־פּרעסע און געזאַמלט „רויטע הילף“.

אביסל שפּעטער, אַרום 1925, איז מאיר צוגעצויגן געוואָרן צו דער אַרבעט פון דער יידישער „קולטור ליגע“ פון יאַס. אין פּוילן זענען די „קולטור־ליגעס“ געשטאַנען אונטערן איינפלוס פון דעם „בונד“. דאָ, אין רומעניע, אין אירע גרעניצן צווישן ביידע וועלט־מלחמות, זענען זיי געווען מער לינקס, אָבער גלייכצייטיק האָבן זיי צוגעצויגן די ווערטפולסטע יידישע אינטעליגענץ, די בעסטע יונגע כּוחות פון אַרבעטערס, וואָס האָבן געשטרעבט צו קולטור. עס איז גענוג צו דער־מאָנען ווי מאַנגער, שטערנבערג, אַלטמאַן, פון אסך באַגאַבטע אינטעלעקטואַלן פון אַלע פּראָפעסיעס, פון סטודענטן און אַרבעטער.

די זיצונגען פלעגט מען אָפּהאַלטן אין א צימער פון דער יידישער פאָלקס־שולע „זשונימעא נומער צוויי“, וואָס די רויטע ברוקער בעלי־מלאָכהס האָבן אויסגעפּועלט ביי דער באַלעבאַטישער שול־אָנפירונג. עס איז אויך געווען א קליינע ביבליאָטעק מיט א לייען־זאַל, וווּ מע האָט געקענט לייענען אשר שוואַרצמאַן און דוד האָפשטיין, איזי כאַריק, איציק פעפער, די ניו־יאָרקער לינקע צייטונג „פרייהייט“ און דעם חודש זשורנאַל „דער האַמער“ דאָ האָט אָפט רעפערירט

איציק מאנגער, וועמעס לעקציעס עס זענען געווען א מין כישוף. מע האָט אים אויסגעהערט א שעה, צוויי און מער און מע איז געווען פארכאַפּט אפילו מע האָט נישט פארשטאנען יעדן קנייטש פון זיין פייערדיקן אימפעט, יעדע מעטאפער פון זיינע „צעשויבערטע קעפּ". דאָ האָט מען געלערנט ליב צו האָבן יידישן פאָלקלאָר און ליטעראטור, טעאטער און שטרעבונג צו יושר און גערעכטיקייט, צו א נייער וועלט.

אבנר וועט זיך דאָ באקענען מיט דעם פייערדיקן ברונעט גדליה וועסטלער, וועלכער שניידט זיך אויף צו ווערן א רעציטאטאָר פון יידישער ליטעראטור. דאָ וועלן נאָטע מאנגער, דער ברודער פון איציק מאנגער און שמחה שווארץ, דער שפּעטער בארימטער טעאטראל און סקולפּטאָר, יואלם ברודער, פּרווון מיט נישט קיין גרויסן דערפאָלג צו האלטן לעקציעס וועגן ענינים וואָס זיי האָבן גוט געקענט: ליטעראטור און קונסט. זיי וועלן פּרובירן אָרגאניזירן אָפּצווייגן פון דער „קולטור-ליגע" אין עטלעכע שטעטלעך פון יאסער געגנט. דאָ וועט זיך איבערן קליינעם לייען-זאל ארומדרייען א יונג בחורל און אָנטייען: „זעט נאָר וויפיל חברים עס לייענען אין אונדזער ביבליאָטעק. „ער אליין האָט קוים געקענט לייענען, אָבער זיין געטריישאפט איז געווען א רירנדיקע.

פון אָט די אויסער-שול-אינטערעסן איז אויסגעוואקסן דער אינטערעס פאר לייענען רעוואָלוציאָנארע ליטעראטור אויף פראנצויזיש: לענינס ווערק, פּאָליטישע עקאָנאָמיע פון אָסטראָוויאנצאָוו און לאפידוס, היסטאָרישער מאַ-טעריאליזם פון בוכארין, אייניקע ראָמאנען וועגן בירגערקריג און אפילו ... זשאָרעס. פון דער אנדערער זייט האָט מען געלייענט די שריפטן פון זשיטלאָווסקי, וועלכער האָט געזוכט א סינטעז צווישן נאציאָנאל און סאָציאל, צווישן וועלט-לעכקייט און קולטור-ירושה, צווישן אוניווערסאל און אייגענעם פרצוף.

אבנר איז א רעאליסט. זיין ברען איז נישט קיין צעפלאמטקייט און ער גרייט זיך פעסט צו דעם באקאלאורעאט, צו דער רייפקייט-פריפונג, און ער טרעט אריין אין מעדיצינישן פאקולטעט פון יאס. פון איין זייט ווייסט ער; אז מע קען זייער אסך העלפן דעם מאסן-מענטש, ווען מע איז א מעדיקער, פון דער אנדערער זייט פארגעסט ער נישט די קרבנות, וואָס די עלטערן און די ברידער האָבן גע-בראכט, כדי ער זאָל לערנען, מוז ער דערפירן צו א גוטן סוף זיינע סטודיעס. ער ווערט א גאָר גוטער סטודענט, אָבער זיינע סאָציאל-פּאָליטישע אינטערעסן פארלירן נישט דערביי. ער וועט נישט ווערן קיין נדן-בחור און נישט קיין ענגער פראָפעסיאָנאל. ער וועט זיך נישט לאָזן אָפּשרעקן פון די הוליגאנישע עקסצעסן פון אייניקע „קאָלעגן", ער וועט ווערן אן אקטיווער טוער אין דעם „ פארבאנד פון דעמאָקראטישע סטודענטן", ער וועט פּראָפּאגירן פּראָגרעסיווע אידייען

אין דעם „קאמין“ (די היים) פון יידישע סטודענטן, אויך צווישן רומענישע סטו־דענטן.

אין דער צייט פון סטודענטישע יאָרן און פון זיין אונטערערדישער ארבעט וועט פאַרקומען א דורכפאַל. אבער וועט פארמישפּט ווערן אויף א יאָר תפוסה. דאָס וועט אים אוודאי אויסשטאָלעווען און שטארקן. ער וועט פארענדיקן זיין מעדיצין און וועט דערנאָך דינען אין מיליטער נישט איין חודש ווי יעדער מע־דיקער, נאָר א גאנץ יאָר ווי אלע אנדערע, וואָס האָבן א מיטלערע אָדער העכערע שולע־אויסבילדונג.

יואל האָט אים אמאָל באגעגענט אַנגעטאָן אין גראָבע שטיוול, אין פשוטע סאָלדאטישע קליידער. ער האָט געדינט אין א רייטער־רעגימענט און כאָטש ער איז געווען אויפגעקוקט ווי א פּאָליטיש פארדעכטיקטער, האָט ער אויסגענומען מיט זיין ערנסט און רויקייט, מיט זיין היטן דיסציפּלין. איבעריקנס האָט ער זיך געהיט צו גיבן א געלעגנהייט, אז מע זאָל אים קענען ווידער מישפּטן. זיין גוטמוטיקער שמייכל, זיין מענטשלעכקייט האָבן אים צוגעצויגן די סימפּאטיע פון סאָלדאטן.

פארענדיקט די מיליטער־דינסט דארף מען טראכטן תכלית. עפּענען אן אייגענעם קאבינעט איז א קאָמפּליצירטער ענין. ער וועט דערווייל ארבעטן אין יידישן שפּיטאָל, ער וועט חתונה האָבן מיט א הארציקער פרוי ,א ביאָלאָג, וואָס וועט ארבעטן אין דער לאבאָראטאָריע פונעם שפּיטאָל און אינאיינעם וועט מען האָבן קנאַפּ פרנסה.

אבער איז אָפּגעריסן פון זיינע אמאָליקע שול־חברים. ער האָט אנדערע גע־דאנקען און אידעאלן. זומער 1938 פאָרט ער מיט דער פרוי קיין פאריז מיטן געדאנק צו פאָרן קעמפן אין שפּאניע צווישן אינטערבריגאדיסטן. פּלוצעם ווערט די פרוי שווער קראנק: עס לעבט זיך זיי זייער שווער אין פאריז. קיינער נעמט נישט אויף א דאָקטער וואָס האָט שטודירט מחוץ פראנקרייך. מיט שווע־רער מי ווערט ער א... סאניטאר אין דעם „ראָטשילד־שפּיטאָל“! די פרוי וועט גיין ארבעטן ווי א געהילף אין א לאבאָראטאָריע. אבער מיט איר באשטימען, אז ער מוז פאָרן העלפן דעם רעפּובליקאנישן שפּאניע. זיי זענען געווען אויף א מיטינג אין דעם בארימטן זאַל „מיטיאליטע“. דאָרט האָט גערעדט דער פרע־מיער נעגרין און גערופן העלפן זייער קאמף. די יוגנט האָט שטורמיש געמאָנט, אז עס זאָל נעמען א וואָרט די בארימטע „פּאסיאָנאריא“, דאָלאָרעס איבארורי. זי האָט זיך אָפּגעזאָגט, ווייל זי איז נישט געווען באשטימט צו נעמען א וואָרט. וויפיל די ענטוזיאַסטישע יוגנט האָט נישט געשטורעמט איז זי געבליבן ביי אירן: „ניין און ניין“. אבער האָט באוווּנדערט איר דיסציפּלין און אימפּאָנירנ־דיקן אויסזען.

עס איז געבליבן אָפּגערעדט. דערווייל בלייבט די פרוי אין פאריז. זי איז געווען „אויף דער צייט" און מיט א קליין קינד איז שווער אויף די פראָנטן. אָבער היטלער האָט צוגעאיילט די מילחמה. סעפּטעמבער 1939. אבנר איז אָנגעקומען צו שפּעט, אָבער גענוג פרי, אז מע זאָל אים ארייַנזעצן אין א פראנצויזישן לאגער פאר שפּאנישע פרייהייטס-קעמפּערס.

דער בראָך פון דער פראנצויזישער ארמיי. אבנר איז אינגאנצן אָפּגעריסן פון דער פרוי און פון דעם קינד, וואָס איז געבוירן געוואָרן. ער וועט עס קיינמאָל נישט זען. און די פרוי, שפּרינצען, אויך נישט. די היטלעריסטן וועלן פארכאַפּן פאריז. מיט דער הילף פון פראנצויזישע פאשיסטן וועלן אסך יידן פארשיקט ווערן קיין אוישוויץ און זיי וועלן דאָרט אוועק מיטן רויך. צווישן זיי אויך אבנרס פרוי און קינד.

אבנרן וועט געלינגען צו אנטלויפן פונעם געפאנגענעם-לאגער און זיך דערשלאָגן קיין מאָנטאָבאן אין דרום, אין דער אזויגערופענער פרייער זאָנע. ער וועט צוטרעטן צו די רעזיסטאנס-קעמפּערס ווי א מעדיקער און ער וועט ראטעווען אסך נפשות. מסירת-נפש איז דעמאָלט געווען א וואָכעדיקער גאנג אין אייראָפּע, צווישן פּארטיזאנער און זייערע סימפּאטיקער, צווישן חסידי-אומות העולם, וואָס האָבן געראטעוועט יידן פון דער געשטאַפּאָס נעגל. אזוי האָבן זיך געצויגן גורלדיקע חדשים און יאָרן.

אבנר האָט אויפגעאָטעמט ווען ער איז געווירע געוואָרן, סוף אויגוסט 1944, אז רומעניע „האָט אויסגעדרייט דעם דישל" און געקעמפט איצט קעגן היטלערן און זיינע שותפים. ער איז אויפגענומען געוואָרן אין דער באפרייטער פראנצויזישער ארמיי און זיך באטייליקט אין קאמף ווי א מעדיקער אויפן שלאכט-פעלד און איז טאקע שווער פארוואונדעט געוואָרן; ער האָט זיך געהיילט אין א שפּיטאָל אין דער פראנצויזישער זאָנע פון דייטשלאנד.

יוני 1945. יואל האָט זיך געפונען, ווי א פּשוטער סאָוועטישער סאָלדאט, ערגעץ ביים ברעג פונעם באלטישן ים. אין א טאָג באקומט ער א מיליטערישע פּאָסטקארטל פון .. דער פראנצויזישער ארמיי. אבנר שרייבט אים, אז ער איז קאפּיטאן-מעדיקער און ער ליגט אין א שפּיטאָל, וואָס מע האָט אויפגעשטעלט אין שלאָס פון זיגמארינגען. יואלן איז דער נאָמען באקאנט. פון זיגמארינגען האָט געשטאמט די אלטע רומענישע קעניגין עליזאבעט ...

שפּעטער ווען יואל און זיין פרוי חיה ציפּרה האָבן באגעגנט אבנרן אין פאריז, האָט ער זיי דערציילט וועגן זיינע שווערע איבערלעבענישן אפילו אין די יאָרן פון נאָך דער מילחמה. נישט געקוקט אויף זיינע מיליטערישע אויסצייכענונגען איז אים נישט גרינג אָנגעקומען צו באקומען די פראנצויזישע ביר-

גערשאפט און דאָס רעכט צו פּראַקטיצירן מעדיצין. ער האָט שווער איבערגעלעבט זיין פאַמיליע-דראַמע און געפונען א טרייסט אין פאָרשונגען וועגן פיזיאָלאָגיע פון ביינער. אין צען יאָר ארום איז ער געוואָרן דער אָנפירער פון א פאָרש-אינסטיטוט אויף אָט דעם געביט.

אָט די קנאַפּע ידיעות האָט מען פון אים ארויסבאַקומען צוביסלעך און קנאַפּ. ווייל ער איז געבליבן דערזעלבער שטילער הארציקער חבר פון די יונגע יאָרן מיט זיין ליבן שמייכל און ווארעמען בליק פון די העלבלויע אויגן. ווען יואל האָט אים באגעגנט אין פאַריז סוף 1969 האָט ער געטראָגן דאָסזעלבע ארבעטער-היטל ווי זיין באָדנערישער טאַטע, פּשוטע קליידער, גערעדט דעם היימישן גע-שמאקן יידיש, נאָכגעמאַכט יואלן ווי ער פּאָכעט מיט די הענט. נאָך צענדליקער שעהן שמועסן האָט אים יואל צוגעזעצט: „וואָס איז אייגנטלעך דיין אויפטו?“ האָט ער שטיל געענטפערט: „ביז דאָ נישט לאנג איז אין געוויסע קראנקהייטן געווען א סכעמע דיוואל (אזוי האָט מען געלערנט די מעדיצין-סטודענטן) איצט לערנט מען די סכעמע „גאָלדמאַן“.

מע ווייסט, אז אייניקע מענטשן זענען צעבראָכן געוואָרן פון די טראַגישע איבערלעבענישן מילחמה-צייט. אנדערע אָבער האָבן גובר געווען די שוואַכקייט און, פאַרקערט, זיי האָבן זיך באַמיט צו ווירקן אין נאָמען און אויפן אָרט פון די פריצייטיק-פאַרשניטענע! אבנר געהער צו די לעצטערע.

ווינען, וווינט ער באשיידן אין אן אַלטמאָדישער דירה אין דעם לאַטייגישן קוואַרטאַל, פשוטע מעבל, עטלעכע יידישע ביכער, עטלעכע אָנדענקען פון די לענדער וווּ ער האָט אָרגאַניזירט אינסטיטוטן ענלעכע צו דעם, וואָס ער פירט אָן אין פאַריז. ער האָט אן אייגן אויטאָ, אָבער ער פאָרט מיטן מעטראָ. ער האָט ליב פאַריז און זיין ארבעט. אפילו נאָכן פענסיאָנירן וועט ער נישט אויפהערן ארבעטן...

ווייל ארבעטן איז דער עיקר פון זיין לעבן! א ירושה פון דורות ארבעטער: טאַטעס, זיידעס, עלטער-זיידעס! און זיין אייגענער צושטייער: העלפן וואָס מער, וואָס מער מענטשן צו פארהיילן זייערע וווּנדן. אָן פאַטעטיק, אָן אויפגעבלאָזנ-קייט, מיט א זעלבסטפארשטענדלעכער עניוות, מיט א דיסקרעט געפיל פון איי-גענער ווערט, אָבער מיט א פילאָזאָפישן בליק אויף דער מענטשלעכער יכולות שפינט זיך אבנרס לעבן אונטער דעם הימל פון פאַריז.

ביז ווען? מע איז דאָך שוין אריבער די זיבעציקער! אבנר האָט זיך אויס-געשפּונען א שטילע פילאָסאָפיע: דער מענטש אויף דער עלטער דארף וויסן, אז עס איז פאַראַן א סוף און אפשר נישט קיין ווייטער! אָבער ער מעג זיך מאַכן נישט וויסנדיק און ארבעטן, פלאַנעווען, ווירקן עלעהיי ער וועט לעבן אייביק. מע דארף זיך באַמיען אָנצונעמען דעם הארציקן אבנרס לעבנס-חכמה.

# פערל שיטן זיך אים פונעם מויל

אפילו איצט, ווען ער איז שוין א זקן און ער פילט זיך ווי א „געניטער בעל-שימחה" אין האלטן דרשות, האלט ער, אז דער רעדנער מוז זיך פילן אין דעם צוהערערס מצב און זיך פרעגן צי דער עולם הערט אים אוים מיט אזא הנאה, ווי ער אליין הערט זיך. אין דרשות, ווי אין מילחמה, געשעפטן, ספארט, קארטן-שפיל מוז מען וויסן זיך אפצושטעלן צו דער צייט. דערפאר זאגט ער צומאל אויף א שפאס, אז איז בעסער, דער רעדנער זאל פון צייט צו צייט א קוק טון אויפן זייגער, איידער די צוהערער זאלן עס טון.

היינט האט ער ערגעץ געלייענט א לעקציע וועגן יידישער ליטעראטור און מע האט אים גוט אויפגענומען. היינט האט אויף אים „גערוט די שכינה", ער איז געווען אין פארם, ווי מע רופט עס אין ספארט-לשון. איצט רוט ער זיך אוים אינדערהיים און ער איז גליקלעך ווי א קימפעטארן נאכן געלייגן ווערן. ווען ער שעמט זיך נישט, וואלט ער געקוואקעט ווי א הון, נאכדעם וואס זי לייגט אן איי. ער פרעגט זיך אפילו: זינט ווען האלט איך לעקציעס? (לעקציעס האלט ער אבער, פאר קיין רעדנער האלט ער זיך נישט). און ער נעמט נישטערן „אין דעם קעמערל פון זיין זיכרון". אט זעט ער זיך אן אכצן יעריקער מיטלשילער, צווישן א גרופע חברים, וואס לייענען אסך פראנצויזיש און רומעניש! אייניקע רעדן אפילו אביסל יידיש, אנדערע מער. איינער פון זיי, הערש פיקער, א סטא-לערישער זון, וועט אפילו שפעטער אפדרוקן אן איבערזעצונג פון שלום עליכ-מען אויף רומעניש, אנדערע וועלן ווערן זשורנאליסטן, אדוואקאטן, מאטעמא-טיקערס און לערערס.

אין א שיינעם זונטיק נאכמיטאג האט מען אויסגעהערט איציק מאנגערס א לעקציע וועגן יידיש אין דעם קולטור-קלוב, וואס טראגט דעם נאמען „מארים ראזענפעלד". האט מען באקומען חשק צו וויסן מער וועגן יידיש. פאלט דער גורל אויף יואלן, אז ער זאל לערנען מיטן עולם אביסל יידישע ליטעראטור (אויף רומעניש מיט יידישע ציטאטן). נו, אז קהל באפעלט, מוז מען פאלגן. און דער יצר-הרע צו האלטן לעקציעס איז אויך נישט קיין ממזר.

נעמט זיך יואל צו פינעסעם באקאנטער געשיכטע פון דער יידישער ליטע-ראטור, צו חיים לעקערס „כרעסטאמאטיע", וואס דער טאטע האט אים געבראכט א מתנה צו בר-מיצווה, צו ז. רייזענס לעקסיקאן פון 1913; ער בלעטערט אביסל ניגער, און בעל-מחשבות און ער פילט זיך אין דער בחינה פון א פראפעסאר.

ער דרשנט מיטן ערנסט פון א יונגן רב, וואָס וויל אויפגענומען ווערן אין א שטעטל: אביסל פוסטע למדנות, אביסל געשיקטקייט, אביסל אמונה, אביסל א „שטעל" און דאָס איבעריקע העלפט אונטער טאקע די געבענטשטע טעמע אליין.

הכלל, עס וועט אוועק א גאנצער ווינטער מיט וועכנטלעכע באגעגענישן, מיט ברענענדיקע דיסקוסיעס, ווו יעדער וועט באווייזן בקיאות אין... וועלט-ליטעראטור; מע וויל אויך ווייזן, אז מע איז נישט פרעמד פון „יידישקייט", פון יידישער פראָבלעמאטיק, און יואל, וועלכער שוועבט צווישן זשיטלאָווסקים סאָציאליזם-פאָלקיזם און מער לינקע אידעאָלאָגיעס, צווישן יידישיזם און קאָכמאָפאָליטיזם, קען זיך קוים אן עצה געבן! אָבער דער יונגטלעכער ברען און די גוטע כוונות זענען גובר אלע מניעות.

אין שולע איז יואל נישט פון די ערשטע. זיין גאָן-קאָנפאָרמיזם היט אים פון לערנען מיט צופיל ברען. דער עיקר איז ער שוואך אויף מאטעמאטיק. אסך יאָרן שפעטער, וועט א גוטער מאטעמאטיקער פון זיינע מיטשילערס, וועלכער איז געוואָרן א ... זשורנאליסט אזוי שרייבן וועגן אים אין זיינע מעמוארן (אויף רומעניש): „אויף א באנק, ערגעץ אין די לעצטע רייען פונעם קלאס, פלעגט זיצן א תלמיד מיט קליינע, פריילעכע אויגן, מיט א שפיציקן קין, ווי א שיטער בערדל. ער האָט געהייסן ... און ער האָט נישט געהאט קיין שום שייכות צו מא-טעמאטיק. דער לערער ניקאָלאו שפאצירט איבערן קלאס און טוט אים גוטמוטיק א פרעג: „דו, רבילע קענסט עפעס מאטעמאטיק? „כדי צו ענטפערן וויל זיך דער תלמיד אויפשטעלן. ער מאכט עס אָבער אזוי אָפּגעלאָזן, אָן חשק, אזוי אז די פלייצע בלייבט איינגעבויגן; ער באווייזט אפילו נישט זיך אינגאנצן אויפ-צושטעלן ווי דער לערער טוט א זאָג: „מילא, נא דיר א דרייער" און ער צעלאכט זיך. דער גאנצער קלאס לאכט מיט. אפילו דער שילער איז צופרידן, וואָס ער איז געפרווט געוואָרן און ער מוז נישט ארויסגיין צום טאָוול, ווו ער קוקט ווי א האָן אין „בני אדם". און סיווי וועט סוף יאָר דער לערער אים „שענקען", איינעם מיט אלע מאטעמאטיקער פונעם קלאס. ער האָט געהאלטן, אז ווער עס וויל נישט לערנען מיט פארגעניגן, זאָל מען אים נישט נייטן".

ווי איר זעט, האָבן זיך יואלן נישט תמיד געשיט פערל פונעם מויל.

א יאָר שפעטער וועט יואל קענען באווייזן (ווען? זיך? יענעם?), אז ער איז נישט נאָר סתם א רעדנער, נאָר טאקע א „קאָמפער", א „קאָנפעראנסיע". איז ער א מיטגרינדער פון א קולטור-קרייז אויפן נאָמען פון „שלום עליכם". איז, ווי דער מינהג איז שוין, שטעלט מען א פיעסע. א יידישע „פיעסע". זי האָט זיך גערופן „די באלאגערונג פון טולטשין". דעם מחבר האָט ער פארגעס?

(אויב ער האָט אמאָל געוווסט זיין נאָמען), אָבער ער גערענקט ביז, איצט, אז די אקציע האָט זיך אָפּגעשפּילט אין די צייטן פון גזירות ת״ח, כמעל־ניצקים מעשים. יואל שטעלט צונויף א פּראָלאָג אין פערזן און לייענט אים פאר׳ן היימישן עולם. אוודאי אפּלאָדירט מען און מע באוווּנדערט דעם פרישגעבאקענעם שרייבער און רעדנער... גראַמען שיטן זיך אים פונעם מויל. א פערטל יאָרהונדערט שפּעטער וועט ער זיך ווידער נעמען צו אזא ארבעט און דער עולם פונעם יידישן מלוכה־טעאַטער וועט זיין קריטישער און מער בקי אין טעאַטער־ענינים.

נאָר לאָמיר נישט כאַפּן די נעץ פאר די פיש.

א יאָר צוויי שפּעטער. איציק מאַנגערס אייגנאַרטיקע רעפעראַטן האָבן באַרוישט יעדן. קיינער האָט מער נישט געוואָלט אָנהייבן א לעקציע לויטן געוויינטלעכן ניסוח. מע האָט געפּרוּווט זיין אָריגינעל, ניי. איז יואל א לערער ערגעץ אין א פאַרוואָרפן מאָלדעוויש שטעטל. עס איז אָנהייב 1927 און ער האָט זיך געררווסט אז דער גרויסער דיכטער יהואש איז געשטאָרבן ערגעץ איז ניו יאָרק. די אָרטיקע יוגנט אָרגאַניזירט אַן אָוונט, א ליטעראַרישן, און יואל וועט רעדן וועגן יהואשן. דער עולם קומט זיך צונויף און מע וואַרט... אויפן... ראש הקהל. הכלל יענער־באַוויזט זיך מיט דער גאַנצער מישפּחה ,קען מען שוין אָנהייבן. מע וואַרט, עס זאָל אַרויסקומען דער, וואָס עפּנט דעם אָוונט און זאָגט א פּאָר ווערטער וועגן רעדנער. און דאָ באַווייזט זיך גאָר פּלוצים דער בעל־דבר אַליין, צעשויבערט, שטורמיש, און הייבט אָן פּאַטעטיש: „יהואש איז געשטאָרבן!“

דער עולם קוקט זיך אַרום אביסל דערשראָקן און פרעגט זיך שטום איינער דעם צווייטן ווער עס איז דער נפטר. מע הייבט די אַקסל און מע קוקט פרעגעריש צו יואלן. דער יונגער „באַלדאַרשער“ פאַרשטייט דעם ענין, פאַרציט ער עס נישט אין דער לאַנגער באַנק און ער הייבט אָן צו רעדן אזוי, אז יעדער זאָל פאַרשטיין, וואָס ער וויל זאָגן. באַלד וועלן יונגע לייט רעציטירן פון רייזענען, פון ראָזנפעלדן, פון יהואשן און דאָס גאַנצע וועט זיך בשלום פאַרענדיקן מיט א... באַל.

פון די לאַנגע דרשות, דיסקוסיעס, שמועסן אויפן לעצטן שטאָק אין טשערנאָוויצער „יידישן הויז“ וואָלט געווען אַסך צו דערציילן; וועט מען עס טון אַן אַנדער מאָל. איינס מעג מען דערמאָנען. טאָמער האָט אמאָל אויסגעפּעלט א רעדנער פּלעגט דער ביסיקער שרייבער קאַזשבעער א זאָג טון: „אַנו, יואליקל, ביי דיר איז דאָך נישט א רענדל, א וואָרט, גיי נאָר צו צום עמוד און לאָז הערן א גוט וואָרט. און יואל האָט געפּאָלגט. אפּלאָדירט האָט מען סיי ווייל אלע זענען געווען פול מיט יוגנטלעכן ברען און תמימות, מיט טיפן גלויבן און... אַפּיר־מאַציע־ווונטש, מיט טיפקייט און אויבנאויפיקן גלאַנץ, מיט פּאַטאָס און וו״ץ, מיט ליריזם און ביסיקייט, מיט באַשיידענער בקיאות און פּוכטער גאווה, ערנכטער

ארגומענטאציע און סתם בארעדעוודיקייט. פארברידערט, צוהערערס און רעד־נערס.

און דאָך האָט מען זיך אויסגעלערנט הערן „זיך און יענעם", רעדן צו דער זאך און פאר דער זאך. נו, אויב מע איז שוין יאָ א רעדנער, באדארפט מען דאָך מזכה זיין אויך אנדערע שטעט. אויף דער וועלט האָט מען אָפּגעמערקט 800 יאָר זינט דער רמבם איז געבוירן. וועט מען באגליקן דאָס שטעטל נאָוואָ־סעליצע און יואל וועט אראָפּפאָרן אהין אויף א שבת און רעדן וועגן רמב"ם. מע איז טאקע „לינקע", אָבער יואל שטודירט דאָך פילאָסאָפיע און סיידי וועט זיך די אָרטיקע „קולטור־ליגע" אביסל כשרן מיט אזא כשרער טעמע. די לעקציע האָט געזאָלט פאָרקומען שבת נאָכמיטאָג. אָנגעקומען אין שטעטל איז ער איי־נגעשטאנען ביי א פארמעגלעכן יידן, וועמעס טעכטער זענען געווען אָנגעשמעקט מיט „לינקס". שבת פרי איז ער מיטגעגאנגען אין שיל. דאָרט האָט מען אים געוואָלט אָפּטון א שפיצל. די גבאים האָבן געטראכט: „אויב דו רעדסט וועגן רמב"ם, גוטער ברודער, קענסטו דאָך אוודאי א מפטיר". און מע האָט אים מכבד געווען מיט מפטיר. יואל האָט זינט זיין בר־מיצווה נישט געהאט קיין מפטיר, אָבער ער האָט זיך אָנגעטאָן א כוח און ... בשלום איבערגעקומען דעם פּרווו. עס ווייזט אויס, אז ער האָט געמאכט א רושם, ווייל אויפדערנאכט האָט מען אים אויפגענומען מיט אפּלאָדיסמענטן, און אדערויף אויף דער לעקציע, עס ווייזט אויך, אז דער רמב'ם האָט עס גוט אָפּגעשניטן אין יענעם אויפדערנאכט.

וועגן רעפעראטן אין באסאראבישע שטעט און שטעטלעך, ווו מע האָט גע־גארט נאָך קולטור, מוז מען דערמאָנען דעם אופן ווי מע פלעגט אנאָנסירן דעם רעפעראט. אין יעדן מקום איז געווען א שרייער, וואָס איז געגאן איבער די גאסן און געמאָלדן: משה באקאלייניק האָט באקומען פרישע פעטע טינע־הערינגעס! היינט אויפדערנאכט אין דער ביבליאָטעק וועט רעדן דער בארימטער רעדנער יואל קליינשטאָט פון דער גרויסער שטאָט טשערנאָוויץ! די פרימאריע באפעלט, אז דאָס מיסט פון די שטאלן זאָל מען ארויספירן ווייט, אויף יענער זייט בוינע! ווער סע וויל זיך אבאָנירן אויפן בלאט פון קעשענעוו, וואָס היסט „אונזער צייט", זאָל זיך פארשרייבן ביי משה רעזניק אין קלייט! היינטיקן פרייטיק וועט מען הייצן די באָד א שעה שפּעטער!"

איר ווייסט דאָך אלע, אז אמאָליגע ביי יידן געווען פּראָפעסיאָנאלע דרשנים. זיי פלעגן אָנקומען אין א שטעטל דאָנערשטיק און פארבלייבן ביז זונטיק. שבת נאָכמיטאָג האָבן זיי געדרשנט פאר א שטענדער. וואָס מע האָט געשטעלט אויף די טרעפּ צום ארון קודש אָדער אויפן באלעמער זיי האָבן „געזאָגט" מיט א בא־זונדערן ניגון און הארציקייט.

קומט אזא דרשן א שטיקל משכיל אין א שטעטל לעבן יאס און פלוצים צערעדט ער זיך: רבותי, וואָס מיינט איר? משה רבנו איז געווען עפּעס א כניאָק, מיט א קאפּטן און א שטריימל, מיט ווייסע זאָקן אין די פּאָפּעצעס? ניין משה רבנו איז געווען א מאָדערנער, מיט א שיינעם שלום-ראָק, מיט א קראוואט און א פיינעם „באָרסאלינאָ"-הוט" (דער דערנער האָט געזען משה רבנו אין דער געשטאלט פון א בוקאָווינער קרייז-ראבינער). דערהערט אזוינע „הפקר"-רייד האָט דער פרומער חיים שוחט א קרעכץ געטאָן: „רחמנא לצלן!" און איז אוועק פון דער שיל פייל אויסן בויגן.

אן אנדערע מעשה האָט פּאסירט 1910 אין יאָר פון א שווערן עקאָנאָמישן קריזיס אין מאָלדעווע.

דער בעל-דרשן האָט געפילט, אז דער עולם ווארט נישט אויף קיין שטראָף-רייד, נאָר פארקערט. האָט ער אָנגעהויבן פּאטעטיש: „מע טאָר נישט זאָגן קיין קריזע! מע דארף נישט דערמאָנען פון קיין קריזע! נישטאָ קיין קריזע!" און גענומען וועקן ביטחון אין די הערצער פונעם עולם. איר ווייסט וואָס יענער היקע-וואטע האָט געענפערט, ווען מע האָט אים געפרעגט, וויאזוי ער האָט אויסגעפועלט א טובה ביים שטאָט-נגיד: „מע-ע דא-א-אף קענען רע-ע דן!"

אָט א מעשה מיט א דייטשישן אוניווערסיטעט-פּראָפעסאָר, וועלכער לייענט זיין קורס זינט 30 יאָר. די בלעטלעך זענען שוין פארגעלט. און די סטודענטן שלאָפן איין. באשליכט ער אויפצופרישן זיין רעדע מיט עפּעס א וויץ. ווען ער קומט צו דער שטעלע מיטן וויץ, מאכט ער (אויף דייטש, נישט אויף יידיש, ווי איך פרוו אים נאָכצודערציילן): „אויף אָט דעם אָרט, בין איך מיך נוהג יעדעס יאָר צו דערציילן אזא וויץ". און ער לייענט אראָפּ דעם וויץ מיט דעמזעלבן טאָן ווי די איבעריקע זייטלעך.

אנדערע רעדנערס האָבן אן אנדערע מעלה. זיי ווייסן נישט וויאזוי אָנצו-הייבן, בלאָנדזען זיי צווישן די ווערטער, פארהיקען זיי זיך, ביז זיי באקומען שווונג און ... זיי קענען זיך מער נישט אָפּשטעלן. א גליק, וואָס דער עולם הייבט אָן סקריפּען די בענקלעך, אונטערהוסטן, גענעצן אין דער שטיל, שעפּטשען צווישן זיך, קודם שטיל, דערנאָך העכער ביז ... דער רעדנער באמערקט, אז ער איז נישט דער איינציקער, וואָס רעדט אין זאל, רייסט ער איבער דעם פּאָ-דעם אינמיטן דערינען און ... דאנקט פאר דער אויפמערקזאמקייט.

פרעגט זיך יואל: צי בין איך קיינמאָל נישט געווען אזא שלימזלניק? נאָר וויפל ער זאָל נישט גריבלען אין זיין פארגאנגענהייט ווי א רעדנער, געפינט ער נישט קיין צו גרויסן דורכפאל...

... אויף די עלטערע יאָרן איז מען גענייגט צו אידעאליזירן דאָס געוועזענע. און אויב עס שיטן זיך נישט קיין פערל פונעם מויל, זאָלן זיי זיך שיטן כאָטש פון דער פען... וואָלטן פערל נישט געווען אזוי זעלטן, וואָלט זיי קיין פערל נישט געווען.

# אכציק ער און זיבעצן זי

אכציק ער און זיבעצן, זי, אזוי רוף איך אָן אָט דאָס בילדל; און עס איז נישט קיין טעות, איר געדענקט מסתּם דאָס אַלטע יידישע פֿאָלקסלידל „80, ער און 70, זי „וואָס מע האָט געזונגען אין אונדזערע יונגע יאָרן (נישט היינט גע־דאַכט, שפּאַסט מיין באַקאַנטער); נישט פון אַזאַ פּאָרל גייט דאָ די רייד, נאָר טאַקע פון אַן „ער“, וואָס איז אַן אַכציקער און אַ „זי“, וואָס איז אַ אַכצניעריקע, כמעט אַן אַכצניעריקע. עס איז דער זיידע מיטן איינִיקל... יאָ, און נישט „די באָבע מיטן איינִיק“, ווי אין אברהם גאָלדפאַדענס קאָמעדיע.

אין דער אמתן איז דער זיידע קוים אַריבער די 79, אָבער ער קאָקעטירט אַביסל מיט די יאָרן; עס פּאַסט שענער צו זיין אַ בן־שמונים. אַ קיילעכדיקע ציפער. און אַ בכבודיקע. זי, דאָס איינִיקל, איז 17 יאָר געווען... פּאַראַיאָרן; עס פּאַסט איר אָבער בעסער, מע זאָל זי באַוואונדערן: אַ סטודענטקע פון 17 יאָר; דערצו נאָך אויף מאַטעמאַטיק, דערצו נאָך שיין און מלא חן.

ווען מירעלאַ (זי הייסט נאָך דער עלטער־באָבע, מירל, זאָל האָבן דאָס ליכ־טיקע גן־עדן) איז געבוירן געוואָרן איז דער זיידע געווען נאָענט צו די יאָרן ווען מע גייט אויף פּענסיע (פּוילישע יידן זאָגן „עמעריטור“, אין אַמעריקע איז מען „ריטייערד“, נאָר צו וואָס אייך באַווייזן, אַז איך קען אַסך שפּראַכן? טאָמער איז עס פאַרקערט!) ווען מירעלע איז אַלט געוואָרן פיר יאָר און מע האָט זי אָפּגע־געבן אין קינדער־גאָרטן (דאָס איז אַזאַ מין אָרט וואו אויפן פּלאַץ פון בלומען וואַקסן... קינדער), האָט זיך איר מאַמע געפרייט. דער טאַטע גייט אויף פּענסיע, וועט זיין ווער עס זאָל דאָס קינד פירן און אָפּנעמען פונעם... דאָס קינד וויל מע זאָל עס אָנרופן „שולע“. טוט מען איר צוליב און מע פירט זי אין דער „שולע פאַר קלענערע קינדער“. מע מאָר נישט זאָגן „קליינע קינדער“, ווייל זי איז דאָך שוין אַ גרויסע. זי קען ציילן ביז 100 און זי פאַרשנורעוועט אַליין די שיכעלעך. איצט ווען טאַטע־מאַמע גרינגער קענען גיין צו דער אַרבעט.

פון איין זייט האָט זיך דער זיידע געפרייט, וואָס ער וועט זיין מער צייט מיטן איינִיקל, עס אָנטון, האָדערוען, פאַרשפּילן, פירן שפּאַצירן, לערנען; פון דער אַנדערער זייט האָט ער צומאָל אַ וואָרטשע געטאָן: „אויף די עלטערע יאָרן, געוואָרן אַ ניאַנקע“, אַראָפּ פון דער מדרגה. פריער איז ער געווען דער הויפּט־בוכפירער פון אַ טעקסטיל־פאַבריק, געהאַט „צו זאָגן אַ וואָרט“, צו באַפעלן, עפּעס אויפצוטון; מע האָט אים אָפּט געלויבט און באַלוינט פאַר זיין אַרבעט. איצט

הערט ער נאָר טענות פון „די צוויי ווייבער“, די טאָכטער מיטן אייניקל. דער טאָכטער ענטפערט ער: „וואָס ווילסטו האָבן פון מיר? דיין מאמע, זאָל זיך מיען, איז געווען א בעסערע ניאנקע פון מיר. דעם אייניקל קען מען נישט ענטפערן. זי איז א שיין, קלוג מיידעלע, וואָס האָט דערשמעקט זיין שוואכקייט צו איר. זי פילט, אז עס איז גענוג, זי זאָל אים טון א גלעט, א קוש און דער „באבע“, דער זיידע ווערט ווייך ווי א וואקס.

די צייט שטייט נישט אויף אן אָרט. מירעלע איז אונטערגעוואקסן. געגאנגען אין אָנהייב-שולע; וויפל נחת האָט דער זיידע נישט געהאט פון איר לערנען לייענען, שרייבן און רעכענען. פריער פלעגט ער איר פירלייענען פון די שיינע פארביקע קינדער-ביכלעך, איר דערציילן א מעשה. איצט לייענט זי אים פאָר פון אירע ביכלעך און זי שפילט אים פאָר דאָס געלייענטע, אזוי ווי זי זעט אין דער טעלעוויזיע.

מירעלע וואקסט ווי אויף הייוון. זי איז תמיד שיין אָנגעטאָן און זי נעמט פאר אן עדות דעם שפיגל, אז אירע אויגן נארן זי נישט; איבעריקנס לייענט זי עס אין די אויגן פון אנדערע. עלטערע פרויען קוקן אויף איר און שפייען או-ים אין דער שטיל אויף א „גוט אויג“. זי איז פון תמיד אָן א גוטע מאטעמאטיקערן זענען טאקע אייניקע חברטעס אירע זי מקנה, נאָר זי ארט עס נישט. און אפשר, פארקערט, האָט זי גאָר הנאה דערפון, „א יידישע קישקע קען מען נישט שאצן“, אזוי שעצט א פאָלקס-ווערטל די געשלענגלטע וועגן פון מענטשלעכער פסיכיק.

אין די ערשטע לערניאָרן האָט איר דער זיידע צומאָל ארויסגעהאָלפן אין געוויסע מאטעמאטיק-געניטונגען, אָבער אין אכטן; קלאס האָט זיך אין איר צעבליט א טאלענט אויף מאטעמאטיק. זי האָט מיטגעארבעט אין א פאך-זשור-נאל פאר שילערס, זיך באטייליקט מיט דערפאָלג אין קאָנקורסן, אזוי אז דער זיידע האָט איר געשענקט א מתנה, א יאפאנישן קאלקולאטאָר, האָט זי זיך דערמיט געפרייט ווי מיט א שיין קליידל. און באלד האָט זיך אונטערגערוקט דער סוף מיטשולע און ... דער אריינטריט-עקזאמען אויפן מאטעמאטישן פאקולטעט ...

אוודאי דארף מען זיין טאלענטירט אין חשבונען אָבער עס שאדט נישט אז מע לערנט אביסל מער פאר דעם אריינטרעטן אין דעם גן-עדן פון פאָליטעכ-ניק. עס האָט איר טאקע געהאָלפן צו זיין די דריטע צווישן 26 „דורכגעקומענע“, סטודענטן. דער זיידע האָט צו זיך אליין גערעדט: „אין אונדזערע יונגע יאָרן האָט מען געהאלטן, אז מיידלעך טויגן נישט אויף מאטעמאטיק. די מיידלשע מיטל-שולעס האָבן געהאט א גרינגערן פראָגראם אויף מאטעמאטיק און איצט זענען מיידלעך צווישן די בעסטע מאטעמאטיקער דאָ אין רומעניע און אויף דער וועלט. עס ווימלט מיט אינזשענירערקעס, קאָמפּוטערניצעס, עקאָנאָמיסט-

קעם און אסך אנדערע פארציפערטע פּראָפעסיעס, שוין אָפּגערעדט פון פּיזיקע און כעמיע און ... אטאָמיסטקעס".

מירעלע האָט מיט אומגעדולד געווארט אויפן ערשטן לערניאָר אין אוניווערסיטעט. ווי מאָרגע עס איז, וואָס מע פרעגט דיך נישט יעדן טאָג, וואָס דו האָסט געלערנט; ווי גוט עס איז, אז מע לערנט נאָר, דאָס וואָס מע האָט ליב, אָדער מע מוז קענען צוליבן בארוף און בארופונג. אוודאי איז מען נישט נאָר פרייער, נאָר אויך מער פאראנטוואָרטלעך. מע מוז נעמען ערנסט דאָס לעבן.

און דאָ איז מען יונג מע וויל טאנצן, שפּאסן, גיין אויף ספּעקטאַלקען, זיך באַגעגענען מיט ייִנגלעך און מיידלעך; גייט מען אויף סטודענטישע פארוויילונגען, אין דיסקאָטעק, אָדער צו גאסט צו חברטעס.

און אָט איז זי געגאנגען מיט די עלטערן און מיטן זיידן אויף א פּורים-פארוויילונג, עס איז דאָרט געווען פריילעך און היימיש. דער אָרקעסטער האָט טאקע געשפּילט סיי טאנץ-מוזיק, סיי רומענישן פאָלקלאָר, אָבער אויך יידישע לידער. צום בופעט איז זי געגאנגען מיט פאָרזיכט: מע מוז האלטן „סילועט". הײנטיקע מיידלעך מוזן זיין שלאנק און ... ספּאָרטיוו. מוזיק מעג מען זיך אָבער אָנהערן וויפל מע וויל. הערט זי טאקע רומעניש, יידיש, עברית, ענגליש און ווער ווייסט וויפל לשונות. דער עיקר איז דאָך דער ריטם צום טאנץ.

און דאָך האָט זי באזונדערס גערירט אן אלט יידיש ליד: „אויפן פּריפּעטשיק ברענט א פייערל און אין שטוב איז היים ...' האָט פארשטאנען א העלפט און דאָס איבעריקע האָט איר דער זיידע אונטערגעזאָגט ... עס האָט זי פארכאפּט, עס איז איר נאָכגעגאנגען דער ניגון; סוף כל סוף האָט זי ביי זיך באשלאָסן: זי וועט אוועקגעבן צוויי שעה א וואָך און גיין מיטזינגען אין יידישן כאָר. עס איז פריילעך און ... מע פאָרט איבערן לאנד און אפילו ווייטער. „היימישע פאָלקס-קינסטלערס". איבעריקנס האָבן די אלטע גריכן געוואוסט, אז מוזיק איז א נאָענטער קרוב פון מאטעמאטיק, כה אמר פּיטאגאָרא!

פארטיפנדיק דעם ענין כאָר פילט זי, אז עס איז מער ווי מוזיק; עפּעס וויקלט זיך דאָ א פאָדעם פון לאנגע דורות, עפּעס ציט מען דאָ ווייטער א „גאָלדענע קייט", ווי דער זיידע זאָגט. ער שמועסט פון „המשך" און זי זאָגט ארום דאָס וואָרט מיט געמישטע געפילן. דערווייל איז עס פאר איר צו ... עקזאָטיש. זי האָט אסך אנדערע זאָרגן און התחיבותן: געזעלשאפטלעכע, סטודענטישע, און ... אינטימע.

פארענדיקט אויף „אויסגעצייכנט" די עקזאמענעס איז זי אויפן זומער געפאָרן צום ים, אין א סטודענטישן קעמפּ אין שטעטל „קאָסטינעשט". טאטעמאמע האָבן גענומען וואקאנס אייינעם און געקומען צום ים נישט ווייט פון

דעם קעמפּ. ווי לאָזט מען עם אליין א מיידל אין אירע יאָרן ? זי שמייכלט און זי פארזיכערט זיי, אז זי קען אליין לעזן יעדע גלייכעניש („עקוואציע") מיט מערערע אומבאקאנטע. זי ניים שפּאַצירן מיטן טאטן, געאָרעמט, און ער שטאָלצירט מיט איר. די מאמע ווערט אביסל אייפערזיכטיק. גייט מירעלע מיט איר שפּאַצירן און אירע קאָלעגן זאָגן, אז די מוטער זעט אוים ווי אירע אן עלטערע שוועסטער. שטאָלצירט די מאמע אויך.

קומט מען אהיים און מע דערציילט דעם זיידן וועגן די שיינע טעג, וואָס זענען אזוי גיך אוועק און איצט מוז מען ווידער צו דער ארבעט, צום לערנען.

די טאָכטער דערציילט דעם טאטן ווי שיין מירעלע איז דאָרט געווען. דער זיידע קוועלט אָן און ער זאָגט: „זאָל זי האָבן א שיין מזל".

# מילחמה און שלום

יואל קליינשטאָט, א בוקאָווינגער ייד, שטייט ווי פארטומלט און דורך זיי קאָפּ שוועבט אַן אָבסעסיע-געדאנק, א מין פאראָדיע אויפן טיטל פון א באַרימטן ראָמאן: „אויפן מעריב-פראָנט ... א וועלט מיט נייסן!"

צוביסלעך הייבט ער אָן צו באנעמען די ממשותדיקייט פון זיין נייער פראָ-ווינזאָרישער היים. דאָס איז דער אזוי-גערופענער „רעזערווע-רעגימענט", א גרויסער מיליטערישער צוגרייט-לאגער. דאָ לערנט מען אין משך פון עטלעכע וואָכן די חכמת המילחמה ביז מע ווערט אָפּגעשיקט אויפן פראָנט. ווער זענען עס די תלמידים? און יואל רעגיסטרירט צוביסלעך איינדרוקן און אויספירן: ערשטנס, אַלטע סיביריאקעס, וועלכע זענען זינט אָנהייב מילחמה עטלעכע מאָל פארוואונדעט געוואָרן, אויסגעהיילט, אביסל צו זיך געקומען אין דאָרף און דערנאָך, ווידער אויפן פראָנט. אנדערע שטאמען פון די „מעריב-געגנטן" און זיי זענען ביז איצט נישט געווען גענוג „כשר". איצט אז, מע האַלט ביים באפרייען זייערע היימען, האָט מען זיי ארויסגערופן פון די ארבעט-באטאַליאָנען, פון אלערליי באשעפטיקונגען, געגנטן און יאָרגענגן און ... זאָלן זיי זיין שותפים צו דער באפרייונג.

זומער 1944. די נייסן פון די פראָנטן זענען גוטע, אפילו זייער גוטע. מע גרייט זיך צום לעצטן טויט-קלאַפּ דער היטלעריסטישער בעסטיע, מע זאמלט כוחות; און יואל געהער איצט צו אָט די כוחות, וועלכע וואוינען אין די גרויסע זעמליאנקעס, וואו עס איז נישט זייער ליכטיק, אָבער גוט ווארעם; ווייל אינ-דרויסן איז פארטאָג גענוג קאלט. און ווען מע גייט גאנצפרי זיך וואשן איז דאָס וואסער צומאָל פארפרוירן. אָבער אויף די דריישטאָקיקע „נארעס" שלאָפט מען געשמאק, נאָך א טאָג מיליטערישע געניטונגען. נו ,און סיווי וועט מען דאָ נישט איבערווינטערן. יואלן ווייזט די גאנצע מעשה אוים כמעט ווי א שפּילעכל אין פארגלייך מיט די ווינטערדיקע שלאכטן אויף דער וואָלגע, וואו ער איז נאָך עטלעכע טעג קאמף געוואָרן שווער פארוואונדעט און לאנג אָפּגעלעגן אין שפּיטעלער און דערנאָך „אָפּגערוט" אין א מיטלאזיאטיש דאָרף. די מיליטערישע קליידער זענען אים היימיש ,די געניטונגען — א שפּיל, אפילו אין פארגלייך מיט זיין דין-צייט אין רומענישן מיליטער, וואו ער האָט אויסגעדינט ווי אַן אונטער-אָפיציר. דאָ הייבט יעדער אָן „פון פאָרנט", א פשוטער זעלנער. די געניטונגען ברענגען אים ווידער „אין פאָרם" ווי מע רופט דאָס אין ספּאָרט.

מע שטייט אויף פרי, מע „פרישט“ זיך אויף, מע עסט קאשע, מע טרינקט טיי און באלד מארשירט מען אוועק צום גענוט-פלאץ, א צוויי קילאמעטער ווייטער, און דארט ווערט געמושטירט, געגעסן מיטאג, אפגערוט. בעתן אפרו באקענט מען זיך, זוכט מען אויף יידן פון גאנץ אייראפע, מעריבדיקע אוקראינער, ווייסרוסן, מאלדאוואנעם און אלערליי פעלקער; זייער סימפאטיש זענען די אויסגעפרואווטע, רוסן פון סיביר; אייניקע פון זיי קעמפן זינט 1939, די היים האבן זיי זעלטן געזען אבער מע איז זיי מקנה, וואס די היטלעריסטן זענען צו זיי אהיים נישט דער-גאנגען.

סלאוון זענען מוזיקאליש. אהין און צוריקצוועגס, צום און פונעם מושטיר-פלאץ, ווערט געזונגען. דער אפיציר רופט אויס: „זאפעוויי!“ און תיכף זינגט-עמעצער אוים א רירנדיקן צי א פרייליכן ניגון און אט דער שליח-ציבור, דער „זאפעוואלא“, האט באלד הונדערטער משוררים און מע זינגט און מע מארשירט און עס ווערט גרינגער אויפן הארצן און אין די פיס. דאס געזאנג פארברידערט און בייגאכט אויף די נארעם דערציילט מען זיך וועגן טאטע-מאמע, ווייב און קינד, ווער ווייסט צי און וואו זיי לעבן ערגעץ, וואס זיי זענען אויסגעשטאנען און מע שעפט ביטחון דערמאנענדיק דאס לעבן פון פאר דער מילחמה, וואס מע זעט איצט מיט פארבענקטע אויגן, ממש אן אידיליע.

יואל איז ביי זיך שטארק. זיין חלק מורא פארן טויט, שרעק פון פראנט און דער עיקר, די זארג, אז מע זאל אים נישט פאררעכענען פאר א „דערשראקענעם יודלאק“, איז ער שוין איבער-געקומען אין יענע גורלדיקע שלאכטן אויף דער וואלגע. איצט בעט ער זיך אין געדאנק, אז ער זאל זיך נישט פארלירן און זאל קעמפן נישט ערגער ווי אנדערע סאלדאטן, וואס זענען נישט קיין „אתה בחרתנו“. דעמלט ביי דער וואלגע האט ער באמערקט, אז וואס ווייניקער מע טראכט צו דעם, וואס מע טויט, אז וואס ווייניקער מע גריבלט זיך, אלץ בעסער איז עס. און ער איז געלאפן פארויס, אינגיינעם מיט אומצאליקע סאלדאטן-ברידער, געשאסן פון דער ביקס, געווארפן גראנאטן, געקראכן צווישן ברענענדיקע הייזער, געש-פרונגען אין גריבער, זיך געדראפעט אויף טרעפ צווישן פאלנדיקע ווענט. שפעטער, ווען ער „איז צו זיך געקומען“ אין דעם ווייסן שפיטאל-בעט, נאכדעם וואס מען האט אים עטלעכע מאל אפערירט און „פארלאטעט“, האט ער געהערט פונעם גרויסן היטלעריסטישן בראך אויף דער וואלגע. דאס איז פאקטיש געווען דער אנהייב פונעם סוף, פון היטלערס סוף.

דערווייל גייען טעג פון אומאינטערעסאנטע געניטונגען, אפילו דאס ציל-שיסן, וואו ער איז א קליינער מומחה, איז נישט גענוג דערקוויקנדיק. די באקאנטע

לידער האָבן זיך שוין אביסל צוגעגעסן. אין אַן אינדערפרי טוט א רוף דער קאָמאנדיר: „העי, זאפּאדניקעס, אנו זינגט עפּעס פון דער היים!“

יואל ווייסט נישט וויאזוי, נאָר פּלוצים האָט איינער אָנגעהויבן זינגען „גילו המכבים, גבורי החיל“. און אלע יידן, רעכטע און לינקע, יידישיסטן און העבראיסטן, אסימילירטע און רעליגיעזע, האָבן אונטערגעכאַפּט דעם ניגון און באלד האָט שוין די גאנצע ראָטע מיטגעזונגען דאָס לעבעדיקע ליד מיט און אָן ווערטער. און אויף ווייטער האָט זיך „גאליא“ פארברידערט מיט „גילו המכבי“, „זדראסטווי מילאיא מארוסיא“ מיט פּוילישע און רומענישע לידער, א „ביראָבידזשאנער פרײלעכס“ מיט א פארבענקטן אוקראינישן כאָר-ליד. געזאנג פארברידערט. הכלל, מע איז געוואָרן היימישער, נעענטער.

אין דער צווייטער וואָך „לערנען“ רופט זיך אָן א יונגערמאן פון ארום טארנאָפּאָל: „גוטער ברודער יואל, איך האָב ביי מיר אביסל אָפּגעשפּאָרט געלד, וואָס טויג עס מיר אויפן פראָנט? און ווער ווייסט וואָס עס וועט מיט מיר געשען? לפי שעה איז היי שעה. לאָמיר אביסל זיך „אונטערשפּארן דאָס הארץ“. ארום דעם מושטיר-פּלאַץ פלעגן שטיין אָרטיקע פויעריטעס און פארקויפן ווארעמע קנישעס און אנדערע ווארעמע מאכלים. די פרייזן זענען געווען געפעפערטע, אָבער דער טארנאָפּאָלער האָט נישט געקוקט אויף קיין קאָפּיקע, האָט מען זיך דערקוויקט. יואל האָט זיך דערמאָנט אין אליעזר שטיינבארגס א משל און האָט ציטירט :„כבד את ... ערלעך האלט דעם פּרעס“ צו וועלכן ער האָט איצט צוגעגעבן זיינס א תורה: „למען יארוכין“. כדי איר זאָלט דערלעבן משיחן!“ צי מיר וועלן דערלעבן משיחן, וויים איך נישט, מאכט דער טארנאָפּאָלער, אָבער דעם סוף מילחמה און כאָטש איין יאָר שלום, וויל איך זייער שטארק“. „כאָטש איין חודש“ מאכט איינער, „כאָטש איין וואָך“ מאכט א צווייטער. „דאָס איז מיט אונדזערע יידן. מע קאָנקורירט זיך אפילו דאָ. זע נאָר ווי מע לאָזט נאָך דעם פרייז מילא, דער ערשטער מאָנט נישט א גאנץ לעבן אין פרידן, נאָר כאָטש א יאָר, דער אנדערער לאָזט עס ביליקער: א חודש, דער דריטער מאכט עס נאָך ביליקער: א וואָך. באלד וועט מען שוין דערגיין צו א מינוט. ניין. איך וויל א גאנץ לעבן שלום“. „גוט, מאכט א פערטער, לאָמיר קודם דערלעבן דעם סוף מילחמה, וועט מען זיך דערנאָך דינגען מיטן רבונו של עולם“.

וועגן די מישפּחות, וואָס זענען פארבליבן אונטער היטלעריסטישער אָקופּאציע, רעדט מען ווייניק. מע האָט מורא אפילו צו טראכטן, ווייל מע ריכט זיך אויפן ערגסטן. אָבער אין דער שטיל, אויפן געלעגער, פעלט נישט קיין קרעכץ און קיין טרער. פון די פראָנט-געפארן ווערט אויך ווייניק וואָס געשמועסט. אין דער שטיל האָפן אסך, אז ביז זיי וועלן דערפאָרן צום פראָנט, וועט שוין זיין

„נאָך אלעמען“. עס איז געװען גענוג נאָכצוקוקן די פראָנט-נייעס, ווערט מען אָפּטימיסטיש. גיי זיי א נביא, אז דער משוגענער היטלער איז גרייט חרוב צו מאכן זיין לאנד און זיין פאָלק, אויב זיין „טויזנטיעריקע אימפעריע“ איז געוואָרן אש און שטויב.

עס פארגייען וואָכן. אין דער שטיל רעכנט מען, אז עס איז די צייט פון ראש השנה און סוכות און מע בענקט נאָך די קינדער־יאָרן. דאָס מושטירן האָט זיך צוגעגעסן. אין אן אינדערפרי מעלדעט מען, אז ווער עס וויל, קען פרייוויליק ארויספאָרן אויפן פראָנט. און עס געפינען זיך בעלנים, וועמען עס נודיעט דאָ אין „רעזערווע-פאָלק“ און זיי מעלדן זיך.

ווען יואל און זיינע חברים זענען עטלעכע וואָכן שפעטער אָנגעקומען אויפן פראָנט זענען אייניקע פון די אומגעדולדיקע געווען שוין אויסגעשולטע סאָפּיאָרן און זיי האָבן געלייגט מינעס אָדער, פארקערט, דעמינירט, וואו מע האָט געדארפט. אייניקע זענען שוין געווען פארוואונדעט אָדער נאָך ערגער, ווייל א סאָלדאטסקע תורה לערנט אז „א סאפּיאָר קען נאָר איין מאָל האָבן א טעות“. יואל קען נישט שווערן, אז אָט דער זאָג איז אויף 100% אמת. א סימן. עטלעכע חדשים שפּעטער וועט ער גיין אויף אויסשפּיר מיט א קליינעם פּאטרול. די נאכט איז פינצטער און זיי שארן זיך אין שונאס הינטערלאנד. מע גייט שטיל און פאָרזיכטיק. באלד הייבט אָן שאריען אויף טאָג, און מע באמערקט, אז מע גייט אויף א פלאך פעלד מיט אסך קליינע בערגעלעך, ווי מוראשניקעס. א שאָרך גייט זיי דורכן לייב. עס איז א מינירט פעלד. נעמט מען פּאַוואָליע שטעלן שיפּע טריט צווישן די בערגעלעך אונטער וועלכע עס ליגן די זאָמען פון טויט. טוט מען על פי טעות א טריט אויף אזא „אומשולדיק בערגעלע“ פליט מען אין הימל, שטיקלעכווייז. די קליינע גרופּע שפּאנט פאָרזיכטיק, אָבער רואיק. רוקעם שוויים רינען זיי אויף דער פלייצע, כאָטש דער פרימאָרגן איז א קאלטער. און אָט זענען זיי שוין ארויס פון אָט דער געפערלעכער זאָנע. ערשט איצט כאפּט זיי א ציטער, איבערהויפּט ווען יואל לייענט זיי איבער א קליין טאָוועלע, וואָס שטעקט ביים ראנד פעלד: אכטונג מינען; אין דער שטיל כאפּט מען זיך ארום, צי מע איז גאנץ.

צוויי מאָל טאָר מען זיך נישט פרווון דאָס גליק. שפּעטער, אין סעפּטעמבער 1945, וועט פּאסירן אזא מעשה. אן עלטערער סאָלדאט, וואָס ווערט מאָרגן דעמאָביליזירט, פאָרט מיט א וועגעלע איבערגעבן מכשירים, וואָס זענען אויף אים פארשריבן. ער האָט נישט קיין געדולד צו פאָרן מיטן שאָסיי און ער „שניידט זיך א וועג“ איבער די פעלדער, וועלכע זענען אויך דעמינירט, נישט ווייט פון זיין אָנקום-אָרט פאָרט ער ארויף אויף א פארגעסענער מינע און ער איז אן „אויסגעדינטער“ ווי מען רופט עס אויף סאָלדאטישן לשון (אָטוואָיעוואלסא).

אזוי איז שוין דאָס פראָנטישע לעבן. מע טאָר נישט טראַכטן צו די־סכנות פון יעדער רגע, נאָר מע דאַרף פירן א נאָרמאַל לעבן, עלעהיי מע מאכט א גרע סערע עקסקורסיע צופּים אין די יונגע יאָרן. קיין מורא העלפט נישט. מער־אביסל פאַטאַליסטיש, ווייל מורא האָבן העלפט נישט, גרינגבלען זיך, נאָך ווייני־קער. מע דאַרף נאָר טראַכטן צו דער ארבעט וואָס מע דאַרף אויספירן, וויאַזוי דאָס צו מאַכן בעסער, וואָס געשיקטער און... פּאַרטיק. יואַל טראַכט, אַז דאָס איז גרינגער צו זאָגן, איידער צו טון, און אַז עס הענגט אסך אָפּ פון יעדנס טעמ־פּעראַמענט, כאַראַקטער, דערציונג, אָבער דער אייגענער אָנשטרענג איז ביז גאָר וויכטיק.

א סימן. ס׳איז סוף יאַנואַר. יואַלס אָפּטייל פון מינענוואַרפערס איז אויפ־געלאָדן אויף דריי וועגענער, און אימפּראָוויזאַציע, וואָס באַפרייט פון טראָגן אויף דער פּלייצע שווערע 19 קילאָדיקע טיילן פונעם מינענוואַרפער און די מי־נען.

שפּאַנט מען צופּוס, יעדער אונטער זיין אָפּטייל. יואַלס אָפּטייל איז דער לעצטער. צווישן די וועגענער איז א דיסטאַנץ פון 20 מעטער. דער שאָסיי וויזט אויס א זיכערער, ווייל פריער זענען דאָ דורכגעפאָרן קאָלאָנעס טאַנקען און קאַנאָנען. הינטערן פאָדערשטן וואָגן שפּאַנט צווישן אנדערע א יונגער טאָטער, באַבאַדזשאַנאָוו. ער איז נאָרוואָס צוריקגעקומען פונעם שפּיטאָל נאָך עטלעכע חדשים אויסהיילן א שווערע פאַרוואונדונג. דערציילט ער ניסים פונעם לעבן ווייט פונעם פראָנט און יעדער הערט אים אויס מיט אינטערעס. פּלוצים קומט אונטער א יונגער אָפיציר און שרייט: „יעדער צו זיין אָפּטייל“. יואַל איילט זיך צוריק צו זיין פּלאַץ. נאָך עטלעכע מינוט דערהערט זיך פּלוצים א שטאַרקע עקספּלאָזיע, מע בלייבט שטיין, מע וואַרפט זיך צו דער ערד און מע וויל וויסן, וואָס איז געשען.

וואָס עס איז געשען? א באַנאַלער עפּיזאָר. דער ערשטער וואָגן איז ארויפ־געפאָרן אויף א מינע מיט פאַרשפּעטיקטער ווירקונג און דער וואָגן איז געפלויגן אינדערלופטן. פערדישע און מענטשלעכע גופים, צווישן זיי באַבאַדזשאַנאָוו, הענגען שטיקערווייז אויף די ארומיקעביימער, דער אָפיציר איז שווער פאַרוווּנ־דעט (ער וועט זיך ראַטעווען דאָס לעבן, אָבער נישט די אויגן). דער גאַנצער קאָנוואָי איז אין שרעק, אָבער נישט אין פּאַניק.

אויפן באַפעל פונעם ראָטע־קאָמאַנדיר רופט דער סטאַרשינאַ צונויף די לעבעדיקע. מע ומז צונויפזאַמלען די צעוואָרפענע מינעס. זיי האָבן טאַקע נישט עקספּלאָדירט, אָבער פונעם פאַלן זענען אייניקע געפערלעך, ווייל זיי קענען עקס־פּלאָדירן, ווען מע הייבט זיי אויף. יואַל ווייסט נישט פונעם סוד. דערפאַר גייט

ער רואיק מיט די ערשטע פרייוויליקע אויפזאמלען די מינעס. ביכלל באמיט ער זיך צו זיין א זעלנער ווי אלע, אָן קונצן, אָן קווענקלענישן און אָן באזונדערע געוואגטקייטן.

צונויפגעזאמלט די מינעס און די טיילן פון די צעשעדיקטע מינען-וואַרפערס שטייט מען ווידער יעדער ביי זיין אָפּטייל און מע שפּאַנט ווייטער פאַרטראַכט און פאַרקרעמפּט. עס קומען אונטער סאַפּיאָרן. מיט זייערע מכשירים גייען זיי פּאָרויס, זוכנדיק מינעס. צוביסלעך גייט אַוועק די נערוואָזיטעט און מע נעמט דערציילן ביסים, ווי־זוי מע איז געראַטעוועט געוואָרן פון מינעס, באָמבעס און פּשוטע קוילן. שפּעטער וועט יואל באַמערקן אַז „העלדישקייט“ איז דאָ אַ וואָכעדיקער גאַנג? עטלעכע חדשים שפּעטער וועט פּאַסירן אַזאַ מעשה. דאָס גאַנצע רעגימענט פאָרט רואיק צו דער ערשטער ליניע. יואלס אָפּטייל שליסט דעם צווייטן באַטאַליאָן. דער זאַפּאַס מינעס קומט אונטער אין אַ וואָגן ווייטער מיט אַ פיר הונדערט מעטער. די היטלעריסטן באַשיסן פון צייט צו צייט און זיי טרעפן דעם וואָגן מיט אַמוניציע, דאָס הייסט זיי דערהרגענען די פערד און דעם אָנטרייבער. מוז מען גיין ברענגען די מינעס מיט די הענט. דער אָפיציר זאָגט: „רעביאַטאַ, מע דאַרף גיין נעמען די מינעס“. מע שווייגט. „ווי איר ווילט. שפּעטער וועט איר זיי מוזן שלעפּן פון עטלעכע קילאָמעטער ווייט און ווער ווייסט ווי שטאַרק דער שונא וועט דעמלט שיסן“. מע קוקט זיך איבער און די גרופּע מינען-טרעגערס הייבט זיך שטילערהייט אויף, מע נעמט מיט דעקן און „פּלאַשטש-פּאַלאַטקעס“, די רעגנמאַנטלען, וואָס קענען דינען פאַר אַ געצעלט מאַכן, און מע גייט ברענגען די „סחורה“. דער שונא שיסט, פון צייט צו צייט וואַרפט מען זיך אין אָקאָפּעס, מען ליגט רואיק אויף דער ערד. עיקר, מע האָט אין עטלעכע וועגן אַריבערגעפירט די אַמוניציע און מע גייט ווייטער. אַלצדינג איז אַזוי פּשוט־פּראָסט און זעלבספאַרשטענדלעך.

נאָר צוואָס כאַפּן די נעץ פאַר די פיש? דערווייל איז מען נאָך די פיפטע זואָך אין רעזערווע־רעגימענט“ און מע וואַרט אויף באַפעלן. קומט טאַקע אָן דער באַפעל פון אָפּשיקן צום פראָנט די אויסגעשולטע סאָלדאַטן. הייבט זיך אָן אַ מעשה: באָדן, ראַזירן, פרישע וועש, נייע קליידער און שיך. די וואַגאָנעס מיט וועלכע מע פאָרט האָבן פּריטשן און אַן אייוועלע אין מיטן. אַזוי וועט מען צען טעג פאָרן אויף מעריב. יואלן האָט זיך איינגעקריצט אין מוח: פּרעסניאַ, לעבן מאָסקווע, מינסק, וואו מע קען נאָך לייענען אויפן וואָקזאַל די שילד מיט יידישע אותיות „מינסק“, לעבן רוסיש און ווייסרוסיש, מאָלאָדעשנע, ווילנע (ווילנע!), מאַריאַמפּאָל און ... כטאָפּ. פון דער מיזרח־פּרייסישער גרענעץ האָבן די דייטשן בעתן צוריקצי צעשניטן מיט אַ ספּעציעלן אַפּאַראַט די הילצערנע

טראָוועָרסן, אויף וועלכע עס זענען פאַרשרויפט די רעלסן. וועט מען שוין פאָרן מיט לאַסט-אויטאָס, אָדער גיין צופוס.

דערגאַנגען נאָענט צום פראָנט (מע הערט פון צייט צו צייט ווייטע קאַנאָנען שיסערייען) ווערט יואלן „קיל אין פּופּיק". עס ווייזט אויס, אַז די מילחמה איז נאָך נישט פאַרענדיקט. דאָס געפיל, אַז מע טרעט איצט אויף דייטשישער ערד דערמוטיקט, טרייסט און שטאַרקט. אין אַ פאַרנאַכט קומט מען צו אַ שיינעם גרויסן וואַלד-פּאַרק. דאָס איז די „ראָמינטערן-הײַדע" מיט גערינגס יאַגד-שלאָס. צי גערינג האָט זיך געפילט זיכער, צי ער האָט שוין נישט געהאַט קיין ברירה, אָבער מע האָט געפונען זיין פּאַלאַץ כמעט נישט גערירט, מיט דער דינערשאַפט און מיט זאַפּאַסן. דאָס וועט יואל געוואוירע ווערן שפּעטער.

דערווייל נעכטיקט מען אין וואַלד אין קליינע געצעלטן באַדעקטע מיט... צווייגן פון טענענביימער. עס איז כמעט ווי אין אַ סוכה, דער דריבנער רעגן כאַפּט זיך אַריין צווישן די צווייגלעך, וויקלט מען זיך אין רעגנדעקן און מע דרימלט איבער די נאַכט. דערנאָך פאָרט מען צום באַשטימונג-פּלאַץ (עס איז אַ מיליטערישער סוד און יואל וויל אים נישט אויסגיבן).

באַלד געפינט זיך שוין יואל אין זיין נייער „היים". ער איז דער איינציקער ייִד אין זיין אָפּטייל. מע באַזעצט זיך אין זעמליאַנקעס פון דעם צווייטן עשאַלאָן. דאָרט האָט זיך ביז נישט לאַנג אויפגעהאַלטן אַ דייטשישער אָפּטייל. האָט מען פון זיי גערישנט די דירה: בעסער ווי אין אָקאָפּעס. מע איז נישט ווייט פון גומ-בינען, וואָס די דייטשן האָבן צוריק מיט עטלעכע טעג אָפּגעווינען, אָבער נישט אויף לאַנג. יואלס נייער אָפּטייל האָט פאַרלוירן מענטשן אין דער שלאַכט, פאַרוואונדעטע, טויטע. איצט איז געקומען די „דערגענצונג".

דער ראָטע-קאָמאַנדיר רופט אַריין צו זיך אין זעמליאַנקע יעדן איינעם פון די פריש געקומענע און פירט מיט אים אַ היימישן שמועס. יואלן נעמט ער אויף פשוט און פריינטלעך: הערט נאָר חבר קליינשטאָט, איך בין אַ פשוטער מענטש און איך האָב נאָר 7 קלאַסן אויסבילדונג; איר האָט פאַרענדיקט אַן אוני-ווערסיטעט, איר זענט אַ לערער אין אַ ליצײַ און ביי אונדז האַלט מען בכבוד אַזוינע מענטשן ווי איר. אָבער דאָ בין איך אייער קאָמאַנדיר און איר זענט דערווייל אַ פשוטער זעלנער. איך האָף, אַז מיר וועלן זיך גוט איינפאַרשטיין".

יואל ענטפערט אים, אַז דיסציפּלין האָט ער געלערנט אין רומענישן מילי-טער, וואו ער האָט אויסגעדינט ווי אַ סערזשאַנט. „ביי אונדז מוז מען אָנהייבן

פון דאָס ניי און מע קען ווערן אַן אָפיציר, אויב מע איז עס ווערט". יואל ענט־פערט אים, אז ער וויל דינען מיט אלע זיינע כוחות כדי צו צעשלאָגן די היטלע־ריסטן, און אז ער איז זיכער, אז ער וועט טון זיין פליכט.

א שעה שפּעטער רופט מען אים, יואלן, מיט נאָך צוויי זעלנער העלפן דע־מינירן. יואל טראַכט, אז ער איז נישט קיין סאַפּיאָר, נאָר אז מע באַפעלט, פאָלגט מען. גייט ער. שטעלט מען זיי מיט א לאָפּעטע אין דער האנט איינגראָבן די עקסקרעמענטן, וואָס סאָלדאטן האָבן אָנגעמאַכט פאָריקע נאַכט, ווען זיי זענען אָנגעקומען פון דער ערשטער ליניע און נישט געפונען קיין קלאָזעטן. יואל טרייסט זיך, אז דאָס איז ווייניקער געפערלעך איידער פארגראָבן מינעס. שפּע־טער, ווען ער פארטראַכט זיך, קומט יואל צום אויספיר, אז דאָס איז געווען א מין עקזאַמען: אויף ווי ווייט וועט א „מעריבדיקער אינטעליגענט" זיך איינפּאַסן אין דער בחינה פון א פּשוטן סאָלדאט, וואָס טוט, דאָס וואָס מע הייסט אים. איז ער צופרידן, וואָס ער איז גוט דורכגעגאַן דעם נסיון. אויפן פראָנט דאַרף מען זיין מיט יעדן גלייך און זיך נישט בלאָזן: „דאָס פּאַסט יאָ פאַר מיר, יענץ, נישט". עס איז געזונטער פאַר אלע צדדים.

עס פארגייען עטלעכע מעת־לעתן. דער עולם האָט זיך אויסגעשלאָפן, זיך באַקענט צווישן זיך. קומט קוזנעצאָוו, דער ראָטע־קאָמאַנדיר, אויף א געדאַנק. מע זאָל אויפדערנאַכט אָרגאַניזירן אַן אינטערנאַציאָנאַלן אָוונט. דער עולם נעמט אָן דעם געדאַנק מיט פארגעניגן. אויפדענאַכט קומט מען זיך צענויף אין קוזנעצאָווס בונקער; מע זיצט וואו און ווי עס לאָזט זיך.

פריער זינגט מען די באַקאַנטע סאָלדאַטישע לידער. ווי תמיד ביי די רוסן, געפינט זיך איינער, וואָס שפּילט אויף אַן אקאָרדעאָן; אונדזערער איז א „טראָ־פיינער", אַן אָפּגעפונענער אין א פארלאָזטער שטוב, א גוטע מאַרקע. דער שפּילער איז נישט אזא וואזשנע מאַרקע, אָבער א במקום אָרקעסטער וועט ער זיין. אָפּ־געזונגען די כללדיקע זמירות, רופט זיך איינער אָן: „זאָל יעדער פון אונדז זינגען עפּעס פון זיינע היימישע לידער. צעזינגט זיך איינער „זדראַסטווי, מילאיא מאַרוסיא / זדראַסטווי, אַנגעל גאָלובוי / מי פריעכאַלי אָבראַטנאָ / ס'קראַסנוי אַר־מיעי דאָמאָי..." א מעריבדיקער ביעלאָרוס, וועלינציי, זינגט א קלויסטערדיקס. שפּעטער וועט זיך יואל שטאַרק אָנחברן מיט אים. באַלאָ, דער קאָאָרדינער, ציט א קאַווקאַזישן באַרגיקן ניגון. ביזן טויט וועט ער זיין יואלס געטרייער חבר. און אָט איז אָנגעקומען יואלס ריי. מאַכט צו אים קוזנעצאָוו. „דיינע רומענע

האָבן זיך ארויסגעוויזן מאָלאָדיעצעס דעם 23 כטן אויגוסט און איצט קעמפן זיי אקסל צו אקסל מיט אונדז" און יואל זינגט גאָגאָס „לא נאָי סינט קאָדרי ווערז דע בראד", דערנאָך דערלאַנגט ער זעליג באַרדיטשעווערס „עליע בעליע", וואָס הערש סעגאל האָט אָפּגעדרוקט ערב דער מילחמה און „אז דער רבי אלימלך".

וואָלט געווען פּלאַץ, וואָלט מען געגאַנגען א טאַנץ. און סיי ווי איז ניש געזונט צו מאכן רעש: דער שונא איז נישט ווייט און מע ריזיקירט אן איבעריקן באָמ-באַרדאַמענט. בייט מען די וואַכלייט און מע גייט שלאָפן. ווער ווייסט, וואָס דער מאָרגן קען ברענגען...

אין תוך וואָלט מען געטראַכט, אז אַזאַ זעלנער ווי יואל, וואָס האָט דורכ-געמאַכט די שווערע שלאַכטן אין דער באַרימטער וואָלגע-שטאָט, איז אן אויס-געפּרוווטער קעגן מורא און פּאַניק. ווייסיך וואָס! דער אינסטינקט פון לעבן איז אַזוי שטאַרק אין מענטשן, שטאַרקער פון רוטין, פון צוגעוויינען זיך, פון פּאַ-רטיאָטטישע געפילן און נאָר דער קאָלעקטיווער שפּרונג פאָרויס בעת אן אַטאַקע, דאָס מיטגעריסן ווערן פונעם שטראָם איז גובר די מורא.

אין די טיפענישן פון זיין נשמה האָט זיך יואל געבעטן ביים גורל, ער זאָל נישט פאַרשעמט ווערן, נישט ארויסווייזן קיין מורא, קיין טרוסקייט: זאָלן „גוטע פריינד" נישט זאָגן: „קוק אים נאָר אָן דעם מוראדיקן יידלאַק. טאַשקענט און פרונזע האָט ער איינגענומען אָן קאַמפן. „איז אָט דאָס געפיל, אז יעדער פעלער זיינער קען צוגעשריבן ווערן זיין שטאַם. באַגלייט אים ווי, א לייט-מאָטיוו.

דערווייל אין דער צווייטער ליניע, א קילאָמעטער ווייט פונעם „פּעדערשטן ראַנד" (פּערעדני קראַי). דאָס לעבן גייט כמעט ווי נאָר-מאל, מע עסט און מע שלאָפט צו דער צייט, מע מאַכט געוויסע געניטונגען, מע הערט פּאָליטישע לעקציעס, מע לייענט די אַרמייִשע בלעטער, מע קוויקט זיך מיט די גוטע נייעס פון די פראָנטן און מיט ערענבורגס אַרטיקלען. אביסל וואַריאַציע ברענגט אריין דאָס פּאַטרולירן. מע באַגעגנט איזאָלירטע דאַטשעס, נישטערט מען און מע געפינט דייטשע ביכער. יואל געפינט אין א קעלער א ראָמאַן פון אַפּטאָן סינקלער און מ. גאָרקיס „מוטער". מסתם האָט זיי א נישט-היטלעריסטישער דייטש באַהאַלטן פון דער היטלער-פּאָליציי.

פון צייט צו צייט טרעפט מען א פּריציש הויף (מיזרח-פּרייסן איז געווען באַרימט מיט זיינע לאַטיפונדיעס) מיט „קרימים" (פּאָליציייִשע ראָמאַנען) צי נאָר מיט זיסלעכע רויזנוואַסער ליבע-ראָמאַנען. נוסח קורטס-מאַהלער, פון וועלכע ער לעקט זיך איצט די פינגער. דער נאַיווער סענטימענטאַליזם, די סימפּלי-סטישע פּסיכאָלאָגיע פון די „העלדן" ווירקן מאָדנע אין דער געשפּאַנטער אַטמאָס-פערע פון פראָנט-לעבן.

אָבער נישט נאָר ביכער געפינט מען אין קעלערס און קאַמערן (פאַרזיכטיק! אייניקע קעלערס און הייזער זענען מינירט!). מע געפינט דייטשישע קאָנסערווירטע פליישן, גרינסן, פרוכטן, בראָמפנס. מע געפינט אויך „בולבעס“, קאַרטאָפל־צוקער (קרומפל־צוקער) און כלאַרליי עסענצן און סוראָגאַטן, פלעשעלעך מיט טעם און מיט ריח פון פוטער, און פרוכטן, פון וואָס איר ווילט. אויף סוראָגאַטן זענען די דייטשן גרויסע בעריעס.

איינגיכן הערט אויף דאָס אידילישע לעבן אין גוטע זעמליאַנקעס, בונקערס און הייזער און עס הייבן אָן מאַרשן און קעגן־מאַרשן, אַזוי, אַז דער שונא זאָל נישט קענען נאָכשפּירן אונדזערע כוונות און ריכטונגען. יואל האָט אָפּגעפונען אַ גוטע דייטשע קאַרטע פון אייראָפּע, שפּאַנט מען זי אויף דער וואַנט און יואל ווייזט יעדן טאָג פאַר דער גאַנצער ראָטע ווו עס האַלט אויף די פראָנטן לויט די קאָמוניקאַטן. ער שטעקט שפּילקעס מיט פענדלעך און דער עולם קוועלט. דער עולם איז אָבער ברוגז אויפן פאַרשפּעטיקן דאָס עפענען אַ צווייטן פראָנט. דער סאָלדאַטישער הומאָר שלאָפט נישט. באַקומט מען צומאָל אַמעריקאַניש. פלייש־קאָנסערוון (אַ שאַכטל אויף דריי מענטשן) רופט מען עס אָן „צווייטער פראָנט“. באַקומט מען צומאָל זופּ פון גרינס מיט ווייניק פעטס, זאָגט מען איראָניש: „אַ טאָנע בריוקווע פאַרבייט אַ פונט פעטס“. עסט מען רעטעך, רופט מען עס „אוקראַינישער חזיר־פעטס“. „צווייטער פראָנט“ רופט מען אויך דעם שוסטער, וואָס פאַרריכט שטיוול, ווייל סוף כל סוף פאַרהעלפט ער אויך צום זיג.

די היטלעריסטן פּרוּוון צומאָל אַ קעגן־אַטאַקע און מיט גרויסע קרבנות האָבן זיי קליינע, צייטווייליקע נצחונות. אין אַ באַנאַכט ווערט יואלס אָפּטייל און די גאַנצע דיוויזיע אַלאַרמירט. קאַנאָנען־שיסערייען דערנענטערן זיך, דער הימל צעבליצט זיך ווי אַ פייערווערק. באַלד ווערט שטיל אָבער מע מוז בלייבן וואַך, ווייל די דייטשן באַניצן צומאָל אַזאַ דיווערסיע כדי איינצופילטרירן סאַבאָטאַזשניקעס, כדי זיי זאָלן זיך קענען אַרויסרייסן פון דער אַרומרינגלעניש, בעסער געזאָגט פון די צענדליקער „קעסלען“ אין וועלכע זיי „קאָכן אין אייגענעם סאָוס“ יואל ווייסט אַז אַ נאַרישע אומפאָרזיכטיקייט קען קאָסטן דאָס לעבן'

יואל פאַרצייכנט אין זיין טאָגבוך דעם גרויסן רושם, וואָס עס האָט אויף אים געמאַכט דעם אַכטן דעצעמבער 1944 די ידיעה, אַז 50 גענעראַלן דייטשישע, בראש מיטן מאַרעשאַל פאָן פּאַולוס, דער באַזיגטער אויף דער וואָלגע, האָבן אויסגעלאָזט אַן אויפרוף צום דייטשן פאָלק. זיי ראָטן, אַז מע זאָל היטלערן באַזייטיקן און מאָנען שלום, ווייל פאַר זיי איז די מילחמה אַ פאַרשפּילטע. יואל איז צווישן די נאַיווע, וואָס גלייבן, אַז דער סוף מילחמה איז נאָענט. אָבער היטלער מיטזיינע לייט האָבן נאָך געלאָזט אומקומען הונדערטער טויזנטער דייטשן'

חרוב מאכן א גרויסן טייל דייטשלאנד צוליב זייער אוממענטשלעכער משוגעת און גרויזאמקייט.

דער סוף דעצעמבער טראָגט אויף זיינע כוואַליעס די האָפענונגען פון א שלום, ווייל שווערער פון אלצדינג איז צו פארלירן דאָס לעבן אין די לעצטע טעג מילחמה. מע פלאטערט, אָבער דאָס טאָגטעגלעכע לעבן גייט ווייטער

דער עיקר היט מען ריינקייט. מע באָדט זיך און מע בייט די וועש, כאָטש יעדע צען טעג. די דייטשן מיט זייערע באַיירימטע זייפן, ליגן פארלייזיקטע אין זייערע אָקאָפעס. יואלס מיטקעמפערס זענען גרויסע בעלנים אויף ריינקייט. אויב עס איז נישט מעגלעך אנדערש, זוכט מען בענזין פעסלעך, קאָכט מען אין זיי וואסער און מע באָדט זיך. סיביריאקעס דערציילן אז ביי זיי איז אין יעדער פויערישער באלעבאטעשאפט פאראן א מין צימערל מיט שטיינער, וואָס מע הייצט אָן, מע גיסט אויף זיי וואסער, האָט מען א שוויצבאָד. היט מען די גוטע געוווינקייטן דאָ אויפן פראָנט אויך. סאונא איז נישט קיין לוקס!

באנאכט, צי מע ליגט אויף אימפּראָוויזירטע געלעגערס, צי מע מארשירט, האלט מען די שמיעה געשפאנט אויף יעדן שאָרך. אסך הייזער זענען פארוואנדלט אין קליינע פעסטונגען. מע האָט די דייטשע סאָלדאטן איינגערעדט, אז „דער שונא דערהרגעט יעדן פון זיי. אייניקע פון זיי, צומאָל געצוואונגען, שיסן ביזן לעצטן אָטעם,.

פון צייט צו צייט פילט יואל דאָס באדערפעניש אויסצודרוקן אין א פּאָר פערזן זיינע איינדרוקן און איבערלעבענישן. די פראָזע פונעם טאָג-בוך איז אים צו ענג. אָט אזא ליד: ער רופט דאָס „שקיעה“ און עס קלינגט אזוי:

„זון גייט אונטער בלוטיק-רויט,
ברענגט די נאכט מיר לעבן? טויט?
וועלדער קוקן פרעמד און שטרענג,
אז עס ווערט אין האלדז מיר ענג.
ס'וואלגערט ערד זיך נאקעט, הויל
אָנגעזאפט מיט פיין און גרויל.

יעדער טריט פארביי א טיר
קען דער לעצטער זיין פאר מיר,
יעדע אָפּגעברענטע וואנט
שטרעקט ארויס א טויטע האנט;
שארף דערפילט איעדעס אבר
קאלטע נאָענטקייט פון קבר.

## חברם בליקן פרעגן שטום:
## „וועל איך מאָרגן זען די זון"?

די מארשן זענען אָנמידנדיקע. יואל טראָגט אויף דער פּלייצע נישט נאָר דעם רוקזאק מיטן אויטאָמאט, נאָר אויך א קיילעכדיקע אייזן־טייל פון 20 קילאָ. מע שפּאנט דורך פעלדער און וועלדער, צווישן פּריצישע הייף און פּויערישע שטיבער, איבער דערפער מיט מאָדנע נעמען און פארלאָזטע הייזער, איבער זומפּן און זאמדן. יואל איז איצט שוין היימיש סיי מיט די נייע וואָפנס, סיי מיט זיינע מיטקעמפּערס. מע האלט אים בכבוד, ווייל ער איז א לערער און ווייל ער דערציילט אָן גוזמאות וועגן זיינע נסיעות איבער אייראָפּע, וועגן דער פּאריזער אויסשטעלונג פון 1937, וועגן די שיינקייטן פונעם רומענישן היימלאנד. ער שעצט זייער פּשטות און קאמאראדשאפט און פילט זיך איינִיק מיט יעדן סאָלדאט. אין דעם ווילן צו ראטעווען זיך, זיינע נאָענטע, זיין דאָרף, זיין לאנד פון דער היט־לעריסטישער מגיפה, פון נאצישן מאָרד. מיט אזא געפיל פון אחדות איז גרינ־גער איבערצוקומען סיי דאָס שווערע פראָנט־לעבן, סיי די סכנות, וואָס שטעקן אין יעדן ווינקל.

אין א שיינעם טאָג קומט אראָפּ „פון אויוון" א סימפּאטישער מיטלוויקסיקער לייטנאנט און ער רעדט עפּעס מיט יעדן סאָלדאט. דערנאָך רופט ער צו זיך יואלן און פירט מיט אים א לאנגן פריינטלעכן שמועס. ער פרעגט אים כלומרשט אויס וועגן דער מישפּחה, וועגן זיינע רייזעס איבער דער וועלט, זיינע לערניאָרן און צום סוף פרעגט ער אים צי ער וואָלט נישט גרייט געווען, ווען מע וועט באדארפן, צו דינען ווי א דאָלמעטשער מיט דייטשן, פראנצויזן, ענגלענדער. יואל ענט־פערט, אז ער קען נישט און וויל נישט אָפּזאָגן גארנישט פון דעם, וואָס מע מאָנט פון אים און אז ער וויל און וועט דינען מיט וואָס ער קען בעסער צונוץ קומען. דער יונגער אָפיציר שמייכלט אונטער א וואָנסע (יואל וועט זיך ערשט שפּעטער דערמאָנען אין אָט דעם שמייכל), ער פארשרייבט יואלס נאָמען און „אדרעס" און ער גיט יואלן זיין נאָמען און מיליטערישן אדרעס. ער לויבט פאר יואלן דעם אויפטו פונעם רומענישן מיליטער און ער זאָגט אים: „שרייב מיר פון צייט צו צייט עטלעכע ווערטער".

יואל טרוימט שוין פון אינטערעסאנטע באגעגענישן מיט אייראָפּעישע גע־פאנגענע און פון ווייטע נסיעות. דערווייל איז ער אָבער צופרידן מיט ווייניקער. דאָס גאנצע רעגימענט זיינס, שפּעטער — די גאנצע דיוויזיע, ווערן צונויפגע־זאמלט אויף איין פּלאץ, האָפט מען צו באגעגענען באקאנטע, אפשר גאָר היימישע יידן.

די כאַרשן זענען אָנמידנדיקע (יואל איז א 39 ער). דאָס סאָלדאַטישע בעלן אין האַרט, אָבער מע ווערט פאַרהאַרטעוועט און פעסטער סיי אין גוף, סיי אין כאַראַקטער. דערווייל בייט זיך די שטימונג צען מאָל אין טאָג: יאוש און ביטחון, בלאַזירטקייט און נערוואָזיטעט, פרייד און טרויער, צוקונפט-פּלע-נער און וואָכעדיקע אינדיפערענץ.

יואל באַקומט בריוו פון דער היים. די מאַמע, די פרוי, די משפחה וואָס האָט געוואַרט אויף אים (אַנדערע, וואָס מע האָט נישט גערופן אין מיליטער, זענען שוין ווידער אינדערהיים) מאַכט סוף כל סוף שלום מיטן געדאַנק, אַז ער איז אויפן פראָנט, זיי גאַרן אים צו זען א לעבעדיקן, א גאַנצן. וועט מען זיך דערמלט דערציילן וועגן די שווערע איבערלעבענישן אין געטאָ, אין דעפּאָרטאַציע, אויף צוואַנגאַרבעט. זיי „קוקן אַרויס מיט טויזנט אויגן“ אויף יואלס צוריקקער. ער מאַכט זיך האַרץ און שרייבט זיי מוטיקע און דערמוטיקנדיקע בריוו, שיקט זיי צוביסלעך געלד, פעקלעך.

עס גייען איצט רעלאַטיוו רואיקע טעג. גייט מען אויסגראָבן קאַרטאָפל און גרינ זואַרג פאַר דער רעגימענטס-קיך. יויל ברענגט מציאות, ווי, אַשטייגער, א זאַמ-לונג לידער פאַר פראַנצויזישע סאָלדאַטן. נעמט ער זיך איבערזעצן אויף יידיש א ליד פון בעראַנזשע. ער לייענט אויך רוסיש, דייטש, אַמאָל פאַלט אַריין א נומער פון דער יידישער צייטונג „איינִיקייט“ מיט לידער פון פעפער, האָפּש-טיין, מאַרקיש, מיט אַרטיקלען און בילדער, וואָס דערוועקן טרייסט און האָפענונג.

צום נייעם יאָר באַקומט מען משקה און בעסער עסן, עס פעלט קיין אַקאָרדעאָן און מע נעמט אויף מיט פרייד דאָס נייע יאָר 1945, „דאָס יאָר פון שלום“ ווי יעדער רופט עס. און מע טראַכט מיט אומגעדולד: „דאָס יאָר פון שלום! ווען וועט מען קענען זאָגן „דער חודש פון שלום“? „דער טאָג פון שלום?“ די שעה? אוי, ווי דערלעבט מען שוין די שעה, די רגע, ווען מע וועט מעלדן, אַז די מלחמה האָט זיך געענדיקט. זאָל זיין ווי שווער דאָס לעבן נאָך דער מלחמה, וועט מען זיך פילן גליקלעך, וואָס מע האָט עס דערלעבט, וואָס מע האָט איבערגעלעבט, וואָס מע לעבט.

דערווייל נעמט מען יעדע גוטע נייעס פונעם פראָנט ווי א פערזענלעכן גרוס, ווי א שפּאַן נעענטער צום סוף מלחמה.

אָנהייב יאַנואַר רעשט זיך, אַז מע גרייט אַן אָפענסיווע. מע וועט גיין אויף קעניגסבערג. דערווייל באָדט מען זיך, פאַרריכט מען די קליידער און שוכוואַרג, נייט מען צו פרישע ריינע קעלנערלעך צו דער „גימנאַסטיאָרקע“, רייניקט מען דאָס געווער. דעם צענטן יאַנואַר לאָזט מען זיך אין וועג צום זאַמלפּלאַץ פון דער דיוויזיע. נאָך א קורצן מיטינג לאָזט מען דעם עולם זיך באַגעגענען מיט

באקאנטע. און-א נס- יואל באגעגנט בערלען, זיינעם א גוטן חבר פון וואשקעוויץ. שפּעטער מיט 7 חדשים וועט יואל נאָכזוכן און זיך דערוויסן, אז בערל איז פארוואונדעט געוואָרן דעם 30 סטן יאנואר און אָפּעדירט געוואָרן אין שפּיטאָל. מער האָט מען פון אים נישט געהערט). דערווייל ... פרייט מען זיך מיטן באַגעגעניש, דערציילט מען זיך אויף דער גיך דאָס איבערגעלעבטע די (טרויעריקע) נייעס פון דער היים און

...„אויף די ערטער!" קלינגט א באַפעל. אויף דער גיך באווייזט מען נאָך זיך צו בייטן מיט יידישע ביכער. בערל גיט יואלן א באנד שלום עליכם און יואל ענטפערט מיט א באנד מענדעלע מוכר ספרים. מע צעקושט זיך און מע איילט יעדער צו זיין ראָטע. יואל איז צערודערט און ממש ער וואָלט געקושט דאָס ביכל. שפּעטער מיט יאָרן וועט ער דערציילן דאָס געשעעניש א יידן א לץ. וועט יענער אים ענטפערן מיט אזא מעשה. (איך מאך עס בקיצור): א יונגער איידעם איז אראָפּ פון די קעסט, שיקט מען אים אויף א יאריד מיטן ביסל נדן, ער זאָל איינקויפן סחורה. דאָרט כאַפּט ער א מציאה. 100 שופרות צו 10 ליי א שטיק (אין שטעטל האָט מען אמאָל באצאָלט פאר א שופר דריי מאָל אזויפיל) דער נייער סוחר האָט אָבער נישט געטראכט ווי אָפט מע קויפט א שופר). אהיימגעקומען מיט דער מציאה, האָט מען אים געעפנט די אויגן און געשיקט מיט דער סחורה אויף א צווייטן יאריד, ער זאָל פארקויפן די מציאה. אָפּגעזעסן א וואָך צייט און ... גאָרנישט. אהיימצוועגס האָט ער זיך באקענט מיט א צווייט איידעמל, פון די קעסט נאָר וואָס אראָפּ. יענער האָט געהאט איינגעקויפט ליולקעס פאר א האלבן פרייז. האָט מען אים אויך צוריקגעשיקט אויף א יאריד. ער זאָל מזכה זיין מיט א מציאה א קונה. הכלל א וואָרט אהער, א וואָרט אהין, מע מאכט א געשעפט: מע בייט שופרות אויף ליולקעס. יואל האָט זיך געטראכט: דער ייד איז נישט גערעכט, ווייל יענע ביכער זענען פאר אונדז געווען א שטיק פון אונדזער היים און פון אונדזער גייסטיקייט, ממש אן אוצר.

אָבער אין יאנואר 1945 האָט יואל נישט געהאט קיין צייט אויף אזעלכע געדאנקען, מע האָט מארשירט טאָג און נאכט, אָפּטמאָל מיט א שעה, צוויי שלאָפן אָנגעטאָן, אין שניי צי אין האמבארעם מיט שטרוי.

איז אָט מארשירט מען שוין דעם פערטן מעת לעת כמעט אָן שלאָף. דאָס גאנצע געפּעק און געווער איז פארלאָדן אויף וועגענער און אליין שפּאנט מען צופוס זיך אָנהאלטנדיק אין דעם וואָגן. מע שפּאנט שלאָפנדיק ווי שיכורע צווישן פעלדער און וועלדער. מע גייט שלאָפנדיק, מע שלאָפט גייענדיק ווי אין חלום! עפּעס איז אָבער וואך. עס איז געגנוג דער מינדסטער אלארם, אז מע זאָל זיך

וואַרפן צו דער ערד, זוכן אַ שאַנץ, אַ גרוב, און האַלטן גרייט דעם אויטאָמאַט, וואָס קיינער טוט נישט אויס פונעם האַלדז.

און יואל דערמאָנט זיך, אַז ער האָט אַמאָל געלייענט אין אַ דייטשן ראָמאַן (ביי עריך מאַריאַ רעמאַרק) צי אין אַ פראַנצויזישן (ביי ראָלאַן דאָרזשעל?) וועגן אינפאַנטעריסטן פונעם ערשטן וועלט-קריג, וואָס שפּאַנען שלאָפנדיק, האָט ער עס געהאַלטן פאַר אַ גוזמא. איצט פילט ער דעם טעם דערפון אויף דער אייגענער הויט. די צווייטע וועלט-מילחמה האָט באַוויזן, אַז עס איז אַלצדינג מעגלעך. פאַרברענען לעבעדיקערהייט רוסישע געפאַנגענע; אומברענגען אין טויטלאַגערן מיליאָנען מענטשן, ס'רוב יידן, פאַרגוואַלדיקונגען אין מיליאָנען, אויסהונגערן גאַנצע פעלקער, מאַכן הפקר די גאַנצע וועלט.

דערווייל שפּאַנט מען. דאָס וואַרעמע עסן דריי מאָל אַ טאָג דערקוויקט. מע ווילט זיך: „וואָס באַדאַרף דען דער סאָלדאַט. אַ הייסע שיסל עסן און טרוקענע אָנעטשעס, דעם פוס זאָל זיין טרוקן און וואַרעם.

דורך די לאַנגע מאַרשן דערגייט מען דעם 21 סטן יאַנואַר צו איינעם פון יענע פּריצישע הויפן, מיט וועלכע עס שמט מיזרח-פּרייסן, די לעצטע אייראָפּעישע פעסטונג פון לאַטיפונדיעס אַ שיינע וואַוינדירה פאַר בעלי-בתים, ריזיקע האַמבאַרעס פאַר תבואה, נישטקשהדיקע קאַזאַרמעס פאַר די סעזאָן-אַרבעטער-דאָ אַנטדעקט מען אַ גרויסן סקלאַד פון דייטשישע אוניפאָרמעס. חברה טוען זיך אָן אָט די קליידער אונטער די אייגענע בגדים און מע פרייט זיך ווי קינדער מיט אַ שפּילעכל.

יואל באַמערקט ווי עטלעכע אָפיצירן זיצן און זיי פּלאָגן זיך מיטן איבערלייענען מיליטערישע קאַרטעס און באַפעלן, וואָס מע האָט גענומען ביי אַ געפאַנגענעם דייטשישן אָפיציר. גייט ער צו און לייענט זיי דאָס געפונענע. אַן אָפיציר פאַרצייכנט אַלצדינג. אָפּגעענדיקט מאַכט יואל לויטן מינהג: „דערלויבט מיר צו גיין”. מאַכט צו אים אַ שטאַב-אָפיציר: פון וואַנען ביסטו? און ער פרעגט אים אויס פריינטלעך וואָס? ווער? ווען?

מאַכט צו אים דער אָפיציר: חבר דער און דער, קום צו אונדז אין דער דיוויזיע, וועט דיר זיין גוט ווי די וועלט. וועסט תמיד פאָרן פאָרויס מיט די „ראַזוועדטשיקעס”, וועסט אַריין דער ערשטער אין די פאַרלאָזטע הייזער, וועסט האָבן, וואָס די ווילסט און אונדז וועסטו צונויץ קומען מער ווי אין דיין אָרעמער ראָטע”.

יואלן גליסט זיך נישט די גאַנצע מעשה. ער איז מוחל די צוגעזאָגטע גליקן. ענטפערט ער, אַז ער מוז מעלדן זיין קאָמאַנדיר, אַז ער מוז נעמען זיינע זאַכן, ער וויל נישט בייטן דעם אַדרעס, ווייל די מישפּחה וועט האָבן יסורים פון נישט

באקומען קיין פּאַכט א שטיק צייט. זאָגט מען אים צו „דאָס נייע און דאָס אַלטע הייליקע אָרט". מאַכט ער צום אָפיציר: „איך וויל נישט פאַרלאָזן מיינע מיטקעמ־פערס אזוי, אָן א „זיי געזונט." ביטע, מיט מיר און מאַנט מיך ביי מיין רעגימענט".
דער טאנקיסטן אָפיציר ווייסט אָבער זייער גוט, אז קיינער וויל נישט אָפּטרעטן קיין שום מענטש איצט בעת דער אָפענסיווע, פּרוווט ער ווידער און ווידער איבערצורעדן יואלן. און אז יואל לאָזט זיך נישט, הייסט ער אים גיין מיטן צוזאָג אז מע וועט זיך נאָך באַגעגענען.

יואל לויפט צוריק אהיים. די היים איז איצט די קליינע ראָטע, די מיטקעמ־פערס, די מינענוואַרפערס, דער אייגענער באַטאַליאָן. דעם 22סטן יאנואר נעמט מען איין אינסטערבורג.

יואלס ראָטע האָט מיט איר פייער געשיצט די אטאַקע; אין שטאָט איז זי אריין ערשט דעם אנדערן טאָג, ווען די שריפות האָבן געהאַלטן אין אויסלעשן זיך.

מאַרשירט מען אויף געוועזענע שיינע גאַסן, צווישן געשפּענסטישע הייזער. מע רוט נישט, מע מאַרשירט ווייטער: מע פאָרסירט דעם טייך פּרעגעל, וועלכער איז זייער ברייט, אָבער נישט צו טיף, אין דעמזעלבן טאָג נעמט מען איין צוויי וויכטיקע שטעט, לאַביאַו און וועלאַו, און אין דריי טעג ארום טאַפּיאַו... עטלעכע וואָכן שפּעטער וועט יואל ווידער דורכפאָרן אָט די שטעט, איינעם מיט א דייטשישן צאָן־דאָקטער, וועלכער זוכט באַהאַלטענע מעדיקאַלישע אַפּאַראַטן אין די קעלערס פונעם שטאָטישן שפּיטאָל. דאָס זעלבע בילד פון חורבן, פּוסט־קייט און טרויער. זייער ווייניק מענטשן זענען צוריקגעבליבן צווישן די חורבות.

אינגיכן ווערט איבערגעריסן יעדע פאַרבינדונג צווישן דער דייטשער ארמיי פון מיזרח־פּרייסן און דאָס, וואָס עס איז נאָך איבערגעבליבן פון היטלערס טויזנ־טיעריקער אימפּעריע. דאָס באַטייט, אז די דייטשע ארמיי אין מיזרח־פּרייסן געפינט זיך פּאַקטיש אין א „זאַק", דערווייל נאָך א גרויסער זאַק, אָבער אָן אן אויסגאַנג.

מע גייט אויף קעניגסבערג. סוף יאנואר געפינט זיך שוין יואל אין נויהויז־זער־טירגאַרטן, א פאָרשטאָט פון דאַטשעס און פיינע דירות פון מיטלקלאַס. מיט א גוטן בינאָקל קען מען פאַרטאָג זען די באַרימטע שלעסער און הייזער פון קעניגסבערג. פאַר יואלן איז קעניגסבערג די שטאָט פון־מענדעלסאָנישער השׂ־כלה, פון דעם זשורנאַל „המאסף"; ער טראַכט צו דעם טויער פונעם יידישן בית־עולם, א מאָדערנער אויפטו פונעם באַרימטן ארכיטעקט מענדעלסאָן. ער ווייסט נאָך עפּעס. דאָ ליגט דער באַרימטער פילאָסאָף עמאַנואל קאַנט. פאַלט אים איין אזא געדאַנק. מע טאָר דאָך נישט אהיימשרייבן וואו מע געפינט זיך;

ער וויל אָבער, אז די היים זאָל וויסן, וואו ער געפינט זיך; שרייבט ער: „איך גיי צו קאנטן אויף קבר אבות.“ אין דער היים האָט מען פארשטאנען וואו ער איז און זאָרגעוודיק נאָכגעלייענט אין די בלעטער, וויאזוי עס האלט דער פראָנט ארום קעניגסבערג.

דערווייל דרייט מען זיך ארום דער שטאָט ווי א קאץ ארום הייסער מילך. מע וויל נישט האָבן קיין איבעריקע קרבנות. זאָל זיך די ארומגערינגלטע היטלעריסטישע ארמיי „פרעגלען אין אייגענעם האָניק“, זאָלן זיי זיך אויסטאָפּען ווי א וואקסן ליכטל. דערווייל באזעצט מען אלע מעגלעכע ישובים ארום דער שטאָט. די דייטשן פילן ווי דער שטריק ווערט אלץ ענגער ארום דעם האלדז. זיי פארציען די מילחמה, האָפן אין א סעפּאראטן שלום מיט די מעריב-לענדער ... פוסטע חלומות!

סוף פעברואר דערגייט יואל ביז צום מאָדנעם „פרישעס האף“ דאס איז א זייער לאנגע זייער שמאָל האלב-אינדזל, וואָס ציט זיך פאראלעל צום ים-ברעג צווישן דאנציג און פילאו. די דייטשן קעמפן פארצווייפלט צו האלטן דעם ברעג און עס געלינגט זיי צוריק צו געווינען דעם שאָסיי לענג-אויס דעם ים-ברעג. דאָס איז געווען דאָס איינציקע מאָל וואָס יואלס רעגימענט האָט זיך געמוזט צוריקציען. מע איז געלאָפן אויף צוריק א פופציק מעטער. דערנאָך האָט דער קאָמאנדיר אָפּגעשטעלט די מענטשן. מע האָט אויף גיך אויפגעשטעלט די מינענוואַרפערס, באשאָסן דעם שונא; דערנאָך איז מען ווידער צוריקגעגאנגען א צוויי הונדערט מעטער און ווידער געשאָסן. זאווי איז מען צוריקגעקומען אין דאָרף, פון וואנען מע איז אוועק אויף אטאקע, יואלס ראָטע איז אריין אין א שטוב מיט שטארקע ווענט, אויפגעשטעלט דאָס געווער אין די פענצטער און געשאָסן אין ריכטונג פונעם שונא. פלוצים האָט יואל דערזען דייטשע טאנקן, וואָס זענען געפאָרן פאָרויס. זיין ראָטע האָט געוואָרט געשפאנט אויף באפעלן, אָבער באלד זענען די עטלעכע דייטשע טאנקן צעקלאָפּט געוואָרן און מע איז געבליבן אין דאָרף, יעדער אויף זיין אלטער פּאָזיציע.

אָנהייב פעברואר קומט אויף אן אינספּעקציע דער הויפּט-אָנפירער פונעם פראָנט, טשערניאכאָווסקי. דאָס איז א הויכער, שיינער, ברייטפּלייציקער מאן, א ייד אין די פערציקער, א געראָטענער קריגספירער. אן אומגליקלעכער צופאל, א צופעליקע קויל, האָט אים געטראָפן עטלעכע טעג שפּעטער אויף א הויכן אָבסערוואציע-טורעם; ער איז אינגיכן געשטאָרבן אין שפּיטאָל און אלע האָבן געטרויערט נאָך אים. מע האָט אים מקבר געווען אין ווילנע.

די היטלעריסטן, מיט דער ס.ס.-דיוויזיע „הערמאן גערינג“, האָבן געקעמפט פארצווייפלט כדי ארויסצונעמען קעניגסבערג פונעם קלעם. מע האָט איינגערופן אינוואלידן, (אין א צעשאָסענעם טאנק האָט יואל דערזען א פירער אָן א פוס)

קינדער, אַלטע לײַט, נאָר דאָס האָט געהאָלפֿן ווי א טויטן באַנקעס. די שטאָט איז פֿול מיט מיליטער און מיט... ציווילער באַפעלקערונג, אָן אָנגעלאָפענע פֿונעם גאַנצן קאַנט...

שפּעטער וועט זיך יואל דערמאָנען אַזאַ פּאַסירונג. מע איז אָנגעקומען אין א דאָרף, וואו א טייל באַפעלקערונג איז נישט אַוועק. אינוועצישן איז אָנגעקומען די קיך אויף רעדער און מע טיילט עסן די סאָלדאַטן. א דייטש קינד קומט מיט א שיסל בעטן עסן; יואל גייט צום קעכער און בעט אַביסל זופּ פֿאַרן קינד. דאָס קינד עסט גיריק דאָס ביסל עסן. עס קומט אונטער א סאָלדאַט און מאַכט צו יואלן: „נאַר וואָס דו ביסט. זיין טאַטע האָט אויסגעקוילעט דייניקע און דו האָדעוועסט אים, ער זאָל אויסוואַקסן ווי דער טאַטע".

יואל טראַכט „וואָס איז שולדיק דאָס קינד?" מידת הרחמים." און וואָס זענען שולדיק געווען די מיליאָנען קינדער, וואָס אַזויפיל דייטשן האָבן אומגעבראַכט? „מידת הדין" צי זענען טאַקע אַלע, אַלע דייטשן שולדיק? אברהם אָבינו האָט געוואָלט ראַטעווען סדום, די שטאָט פֿון רשעים, אפילו צוליב איין צדיק... זענען מיר דאָך ארבהם אָבינוס אייניקלעך. יואל האָט נאָך דעמלט נישט געוואוסט דעם פֿאַרנעם פֿונעם יידישן בראָך, אָבער אויך נישט וועגן די דייטשע אַנטי-פֿאַשיסטן, דאָס באַרימטע אַרטיקל איליא ערנבורגס פֿון חודש אַפּריל וועט עפנטלעך שטעלן די פֿראַגע און דער ענטפער וועט זיין א דיפּלאָמאַטישער...

דערווייל גייט די מילחמה ווייטער. זינט דעם 20סטן אַפּריל איז וואַסילעווסקי געוואָרן דער אָנפֿירער פֿון דעם דריטן ביעלאָרוסישן פֿראָנט. און די מילחמה גייט ווייטער.

עס פֿעלן נישט קיין טראַגיש-קאָמישע עפּיזאָדן. אין וואַלד ביי אן אָפּגעהאַקטן בוים, וואָס קען ניצן ווי א טיש. דריי דייטשע סאָלדאַטן, וואָס דער טויט האָט געטראָפֿן ביים עסן קאָנסערוון. צוויי זענען געפֿאַלן און פֿאַרלוירן דאָס שאַכטל פֿלייש. דער דריטער האַלט אין איין האַנט דעם לעפֿל, אין דער צווייטער, די פֿלייש-קאָנסערוון. איינס פֿעלט אים נאָר: דער קאָפּ. א שראַפּנעל האָט אים אַוועקגעריסן דעם קאָפּ און פֿאַרשטאַרצט זיינע גלידער; א שוידערלעך בילד, ווי ביי היעראָנים באָש.

א צווייט בילד. היטלער האָט איינגערעדט דער באַפעלקערונג, אַז מיזרח-פּרייסן איז אן אייזערנע פֿעסטונג; אפילו, אז זיי הערן נאָענטע קאַנאָנען, האַלט מען, אז עס איז נישט קיין סכנה. דערפֿאַר טרעפֿט זיך, אַז יואלס אָפּטייל קומט אַריין אין א דאָרף בעת דער אַטאַקע און געפֿינט אויפֿן טיש פֿון א שטוב, א. פֿיינעם מאָלצייט. די באַלעבאַטים זענען אַוועק פֿריער מיט עטלעכע מינוטן אַנדערט מאָל האָט מען איינגענומען א דאָרף און מע האָט א צוויי טעג באַקו

מען עלעקטריש ליכט פון א צענטראלע, וואָס איז נאָך געווען אין דייטשישע הענט. „דאָס הייסט א ליטישער האָטעל, האָט איינער זיך געוויצלט, מילחמה, ערשטע ליניע און... קאָמפּאָרט ווי אין מאָסקווער „אינטוריסט“.

מע גייט ווייטער, מע קאנצענטרירט אין א וואלד: שנייען, זאווערוכעס, פרעסט. מע גראָבט אָקאָפּעס און מע וואַרט. דער שונא געפינט זיך אין זעלבן וואלד. בייטאָג זעט מען די דייטשן אין זייערע גרובנס און אפילו ווי זיי גייען נאָך וואַסער. קיינער טשעפּעט זיי נישט. זיי האלטן זיך אויך רואיק. ביינאכט אָבער צינדט מען נישט אָן קיין פייער, דער שונא זאָל נישט באשיסן. שלאָפט מען אין די קליידער אין פארפרוירענעם שניי. מע ווערט אויפגעוועקט יעדע צוויי שעה, כדי מע זאָל נישט איינפרירן. דערפאר כאפּט מען צוביסלעך א דרימל בייטאָג. די מעשה ציט זיך איבער א וואָך צייט, ווערט זי צוגעגעסן, פילט מען אָפּהענטיקייט. יואל דרוקט אוים זיין שטימונג אין א ליד מיט פאָלגענדיקן לייטמאָטיוו:

„עס ברענען דערפער אין דער ווינטערנאכט, / עס וואָיען אין דער פינצטערניש קאנאָנען. / און ס'פלאמען וועלדער אונטער קוש פון שלאכט.

איך ליג אין שניי, פארגראָבן ביזן האלדז / כ'וואַרט קומען ס'זאָל דער גרויער קאַוואַליר / און מיך פארבעטן צו דעם לעצטן וואלס.

איך שוועב ווי א פעדער, איך גיי אויף, און כ'פארגיי / אונטער די שטורם־אַקאָרדן פון קלאַוויר / און כ'בין באפרייט פון יעדע פרייד און וויי.“

די פראָסטיקע מעת־לעתן, דער שניי זענען אוועק און עס באווייזט זיך באלד אן ערב־פרילינדיקער מיטאָג. מע איז אין גוטער שטימונג, מע פארגעסט אפילו, אז מע געפינט זיך אויפן „פּערעדניי קראַי“ אויפן פעדערשטן ראנד. מע וואַרט: קיינער טשעפּעט נישט: מע וויל נישט קיין אומזיסטיקע קרבנות. יואל וואנדערט אביסל אין שכנישן וואלד, געפינט א שטוב, א הויפן ביכער אין הויף: דערטאַפּט ער א מציאה: א „קרימי“, א דעטעקטיוו־ראָמאַן. נעמט ער זיך לייענען, קוקט נישט וואו ער שפּאַנט. די זון גלעט, דער וואלד האָט זיך צעקנאָספּט, פליגעלעך זשומען און די אקציע פונעם ביכל פאַרכאַפּט. פּלוצעם דערהערט ער געשרייען און זידלערייען: וואַרפט ער זיך צו דער ערד און קוקט זיך ארום. וואָס איז געשען?

געשען איז א פשוטע זאך. פארטאָן אין לייענען, האָט ער נישט באמערקט, אז ער שפּאַנט אין „קיינעמס לאַנד“, צווישן די דייטשע און די אייגענע אָקאָפּעס. ער וואַרפט זיך צו דער ערד און נעמט קריכן צו די אייגענע אָקאָפּעס. דאָרט, נעמט מען אים אויף מיט א גוטן ברוך־הבא. „דו ביסט משוגע געוואָרן? דו ווילסט אז די פריצן זאָלן נעמען שיסן אויף אונדז? ביסט זאט געוואָרן צו לעבן?

גיי הענג דיך. אונדז זאָלסטו לאָזן צורו. מיר וועלן שיסן, ווען מע וועט באפעלן, נישט ווען דו פארגעסט אויף וואָס פאר א וועלט די לעבסט!"

יואל פרוווט זיך צו פארענטפערן, אז דאָס ביכל איז שולדיק. עס איז אינטערעסאנט. בלייבט עס. אז מע וועט אים מוחל זיין, אויב ער וועט דערציילן די אקציע. נאָכן אָפלייענען דאָס ביכל.

ביינאכט אין דעם בונקער טראכט ער זיך, אז ער איז אן גרויסער בר-מזל, אויב ער איז ארוים א לעבעדיקער פון אָט דער מעשה. אין בעסטן פאל האָט ער געקענט ארויפטרעטן אויף א מינע און פארבלייבן א קאליקע אויפן גאנצן לעבן. ער זאָגט זיך צו, אז ער וועט זיין מער אויפמערקזאם. אויפן פראָנט זע-נען פאראן געגנוג געלעגנהייטן צו ווערן א מת, מוז מען נישט צוטראכטן נייע.

די שטילקייט האָט נישט געדויערט לאנג. אין א פארטאָג איז מען איבער-געגאנגען אין אטאקע און די „וועלט-הערשער" האָבן זיך גיך אונטערגעגעבן געוואָלט צופרידן פטור צו ווערן פון א קאַשמאר. זיי ווייסן שוין, אז מע לאָזט לעבן די געפאנגענע, וועלן זיי ארבעטן און שווין. אז מע לעבט, דערלעבט מען צו זען די היים, פריער, שפּעטער. זיי זידלען: „היטלער קאפּוט", אָבער זיי גלייבן אליין נישט, אז עמעצער וועט זיי גלייבן.

און ווידער מארשן און קעגנמארשן: אין זאמד און אויף אספאלט, דורך פעלדער און וועלדער, זומפּן און דונעס. אין א קאלטן פרימאָרגן פארן טויער פון א פריצישן הויף איז דער וועג א בונטער, אזוי ווי זומערדיקע קליידלעך. וואָס איז דאָס? גאנץ פשוט. ביינאכט האָבן דייטשע טאנקן זיך צוריקגעצויגן און צעטרעטן אונטער די רעדער עטלעכע פרויען, וואָס האָבן זיך געפּרואווט ראטעווען, זיי געמאכט גלייך מיט דער ערד. זיי האָבן נישט געקענט הערן די געשרייען, נישט געזען, און געשאפן א טראגישן מאָזאיק פון בלאָטע, גופים און קליידער.

נאָר ווער האָט דען צייט צו טראכטן. מע איז טויט מיד און פארפרוירן, ווארפט מען זיך אריין אין דעם נישט געדראָשענעם ווייץ, וואָס פולט אָן די האמבארעם און מע שלאָפט „ווי דערהרגעט". פריער אָבער טוט מען אויס די שטיוול און מע לייגט טרוקענע די אָניטשעס! ערשט דערנאָך שלאָפט מען איין. אפשר נאָר פאר א שעה אָדער צוויי, ווייל באלד קומט אָן די פעלד-קיך מיטן ווארעמען עסן, ווערט מען מונטער. אן עלטערער סאָלדאט פילאָזאָפירט: „וואָס באדארף דען א סאָלדאט? טרוקענע שוך און זאָקן. גוטע אָנטיטשעס און אביסל ווארעמס אין מאָגן".

יואל פירט א טאָגבוך. אויף יידיש. קנאפּ און רמזימדיק. עס קען צונויף קומען נאָכן קריג ווי א מענטשלעכער דאָקומענט. ער וועט עס שפּעטער פארלירן,

אָבער צוליב אויפשרייבן בלייבן אים איינגעקריצט אין מוח אסך בילדער און געשעענישן. אין די ערשטע חדשים נאָך דער מילחמה וועט ער פּרובירן רעקאָנסטרואירן דעם אינהאַלט. דער פרישער זיכרון, א זאמלונג צייטונגען פון מילחמה-צייט, א לאנדקארטע וועלן אים קומען צו הילף.

אָט איז מען דערגאנגען צום באלטישן ים, נישט ווייט פונעם ברעג. מע קומט אריין אין א „פליגער-האָרסט“ אן אונטערערדישער בונקער פאר פליערס, באקוועם, יעדער מיט זיין שאפע און נאכטקעסטל, מיט בילדער פון פרוי און קינד איבערן בעט. די פליערס זענען זיך צעפלויגן, צעלאָפן, ווייל זייערע אעראָפּלאנען זענען געבליבן אָן ברענשטאָף. מע וועט אין דער נאָענט אָפּגעפינען עטלעכע צענדליק באָמבארדירערס, וואָס מע וועט איינגיכן באניצן קעגן די היטלעריסטן.

דערווייל שטייט מען נישט אויף אן אָרט. יואלס אָפּטייל פארנעמט איצט אָקאָפּעס אין א זאמדיקן ברעג. דאָס וואסער זאמלט זיך אָן ווי אין א ברונעם. מוז מען די גאנצע צייט שטיין און שעפּן און ארויסגיסן. איינייגעם מיט די וואך-שעהן נעמט עס צו אסך כוח. א גליק, וואָס מע בלייבט נישט קיין סך אויפן זעלביקן אָרט.

איך שרייב אָט די דערציילונג אויפן סמך פון יואלס שפּעטערע פארצייכענונגען און דערציילונגען; זיין סטיל איז א קנאפּער. איך זאָג אים אויף א שפּאס: „דו שרייבסט טעלעגראפיש“. ענטפערט ער מיר: „איך האלט, אז דאָס וואָס מע קען ארויסזאָגן אין דריי ווערטער, זאָל מען נישט זאָגן אין פיר. מע מוז שפּאָרן צייט, ארבעט, פּאפּיר און... די געדולד פונעם לייענער. א מיידל אין א פּשוט סיצן-קליידל קען אמאָל מער געפעלן איידער אן אויסגעפּוצטע אין זיידנס“. בלייבט ער ביי זיינעם און איך מוז פאָלגן, ווייל איך בין דאָך נישט מער ווי זיין וואָרזטאָגער. איז מיר גוט ווי די וועלט. אין אלץ, וואָס עס געפעלט נישט דעם לייענער איז שולדיק יואל. און אלץ, וואָס עס געפעלט יאָ, שטאמט פון מיר...

יואל פּרואווט פון דעם איבערגעלעבטן ארויסציען אן אויספיר. עס קען זיין, אז דאָ שפּילט מיט דאָס, וואָס ער האָט געקענט לייענען נאָך דער מילחמה.- האָט למשל, ווייזט ער מיר א דייטש בוך, זיכרונות פון א דייטשן דאָקטער, א פרומער קריסט, אן אנטי-היטלעריסט. ער היט זיך פון אָנטון מיליטערישע קליידער און ארבעט אין א קעניגסבערגער שפּיטאָל זינט סוף יאנואר 1945. ער פאר צייכנט וועגן די פארוואונדעטע, וואָס מע ברענגט אים פון דעם נאָענטן פראָנט צווישן זיי מערן זיך יענע, וואָס מע קען מער נישט אָנרופן קיין רעגולערע סאָלדאטן; אסך זענען עלטערע לייט, דערצו ברענגט מען נאָך פופצן- זעכצן יעריקע

נגלעך, וועלכע מע האָט צוריק מיט עטלעכע שעה געכאַפּט אויף די גאַסן און זיי געשיקט אויפן פראָנט. די מאַמעס ווערן באַלד געוווירער און זיי קומען צ לויפן. דער דאָקטער לאָזט זיי זיצן מיט די קינדער, וועלכע האָבן שווערע ווונדן אין בויך און זייער סוף איז נישט קיין ווייטער.

לאָמיר אָבער צוריקקומען צו יואלס ראָטע אויפן באַלטישן ים, פעברואַר, מאַרט 1945. אפילו א בלינדער קען זען, אַז די דייטשן זענען פאַרלוירן. וואָלטן זיי קאַפּיטולירט (שפּעטער וועט זיך אַרויסשטעלן, אַז אַסך האָבן געטראַכט דערצו, אָבער מיט רעכט, מורא געהאַט פאַר די ס.ס. פאַרן געשטאַפּאָ און פאַר פאַנאַטישע אָפיצירן) וואָלט מען געווען פאַרשפּאָרן אַסך קרבנות פון ביידע זייטן, אַסך צעשאָסענע שטעט, חרובע היימען, ברענענדיקע וועלדער. דער משוגענער היטלער וויל איינרעדן (און עס געלונגט אים אין א געוויסער מאָס), אַז ער האָט סעקרעטע וואָפן, וואָס ער וועט באַניצן אין דער לעצטער רגע (וועמעס לעצטע רגע?). טאָמער גלייבט מען אים נישט, ווערט מען באַצייכנט ווי א „דע-פעטיסט" און מע האָט צו טון מיט די ס.ס.-לייט.

מע ווייכט נישט, אַז אין דער שטיל האָבן היטלעריסטישע קאַרפּן-קעפּ באַשטימט, אַז אויב זיי פאַרשפּילן די מילחמה, מעג דאָס דייטשע לאַנד און דאָס דייטשע פאָלק אומקומען. שפּעטער, ווען יואל וועט רעדן מיט דייטשישער באַפעלקערונג, וועט אים קלאָר ווערן אָט די טאָפּלטע אכזריות: פאַלשער בי-טחון און טאָטאַלע פאַרניכטונג. דער פּשוטער איינוואוינער פון מיזרח פּרייסן האָט ביז אין דער לעצטער רגע נישט פאַרשטאַנען, אַז די מילחמה איז א פאַר-שפּילטע פאַר היטלערן, אַז עס קומט דער טאָג פון דין וחשבון.

דערווייל אָבער פילט זיך יואל ווי א שטרוי אין א שטורעם. זיין מוח נעמט אויף גאַנץ מעכאַניש די ווילדסטע געשעענישן און בילדער. אָט אַזא בילד פון סוף מאַרט.

מע איז דערגאַנגען ביז ראָזענבערג. די היטלעריסטן האָבן דאָרט אָנגע-זאַמלט הונדערטער קלענערע און גרעסערע שיפלעך און געפּרוווט אויף זיי אַנטלויפן קיין ... מעריב. וואָס פאַר א מעריב? די סאָוועטישע אַוויאַציע האָט דערשמעקט דעם פּרואוו און האָט שווער באָמבאַרדירט די אָנגעזאַמלטע מאַסע דייטשן. צוויי טעג אַרום איז דער ברעג, קילאָמעטערווייז געווען ווי פאַרשיט מיט צענדליקער טויזנטער גופים און מיט ... פיש, וואָס די עקספּלאָזיעס האָבן פאַרטומלט. האָט יואל מיט זיינע חברים גענומען זאַמלען די פיש, זיי געזאַלצן, געריייכערט, געבראָטן. הונדערטער דייטשע געפאַנגענע האָבן געגראָבן גריבער און אַריינגעלייגט אהין די גופים פון זייערע „קאַמעראַדן".

אין פישהאוזען, אויך אויפן באלטישן ים, צו דער „קורישער נערונג“ צו, אן ענלעך מילחמה בילד. דער נאָענטער וואלד איז פול מיט הונדערטער אויטאָס מכל המינים. ביים ראנד פונעם וואלד, א ריז קער מאסן־קבר, א טיפער. גאנץ אויפן דנאָ. א פאך טויטע. עס זענען אָבער געווען א סך טויטע, האָט מען נישט געוואוסט ביז מע האָט פארענדיקט איין שיכט טויטע: מע האָט גענומען אויס־לייגן א צווייטע שיכט און באלד דערויף א דריטע שיכט, א פערטע און א פיפטע. עס זעט אויס ווי אן אנאטאָמישע צייכענונג אין א לערנבוך, וואו די שיכטן ווערן אלץ שמעלער צו דער הייך צו.

יואל בלעטערט אויף צוריק זיינע פארצייכענונגען. עס איז צו מיט פון חודש מארט. מע געפינט זיך נישט ווייט פון קעניגסבערג. ביכלל האָט מען זיך געדרייט ארום קעניגסבערג, נאָר די אוויאציע האָט די שטאָט שטארק באָמ־באַרדירט און געשאפן א גהינום אין שטאָט. דערווייל ליגט יואלס אָפּטייל אין אָקאָפּעס ארום א דאָרף, מאנדעל. די אָנפירונג וויל וויסן, וואָס עס טוט זיך אין דאָרף, די געוויינטלעכע אויסשפּירערס ברענגען נישט קיין קלאָרע ידיעות.

אין א פארנאכט רופט קאפּיטאַן קוזנעצאָוו יואלן צו זיך אין בונקער און ער פרעגט אים צי ער וויל מיט אים גיין היינטיקע נאכט אויף א מיסיע. יואל ענטפערט, אז יאָ. מאכט דער קאפּיטאַן: „עס איז א געפערלעכע מיסיע . פרעגט יואל: „נאָר פאר מיר? · צעשמייכלען זיך ביידע אויף א רגע און קוזנעצאָוו מאכט צו אים: „מאָלאָדיעץ . גיי כאַפּ א שלאָף. ווייל ווי נאָר עס פאלט צו די נאכט, וועלן מיר גיין. מיר וועלן זיין פיר. וועט מען האלטן וואך צו צוויי שעה. אָבער שלאָפן וועט נישט קיינער.

ווי נאָר די נאכט איז צוגעפאלן, האָט מען אָפּגעגעסן וועטשערע, זיך אָנ־געטאָן ווארעם, גענומען צו זיך דעם אויטאָמאט, עטלעכע גראנאטן און א פלאש בראָמפן מיט קאָלבאס. מע איז אָנגעקומען צו די פעדערשטע אָקאָפּעס. סאפּיאָרן האָבן געהאט דעמינירט א שמאָלע כטעזשקע און אלע פיר, מיטן אָפיציר בראש, האָבן זיך שטיל געלאָזט גיין, געטאפּט דעם וועג מיט דעם שפּיץ שטיוול, טאָמער קומען פאָר פארדעכטיקטע בערגעלעך, נעסטן פון מינעס, זיך צוגעהערט צו יעדן שאָרך, געפּרואווט דורכשניידן די פינצטערניש מיט די בליקן. נאָך א שעה שטיל שפּאנען, צומאָל קריכן אויפן בויך, איבערן פארשנייטן פעלד (מע איז אָנגעטאָן אין ווייסע קיטלען, קאמופלאזש), איז מען אָנגעקומען צו א מין דירה מיט א טורעם. מע האָט עס קריכנדיק ארומגערינגלט (מע היט זיך פאר א פאסטקע), דערנאָך איז מען אריין דורך א פענצטער. קוזנעצאָוו האָט מיט זיין בלענד־לאמטערן גוט אויסגעשפּירט יעדעם ווינקל; דערנאָך איז מען דורך היל־צערנע טרעפּ ארויף אויפן בוידעם. אלץ איז אין אָרדענונג. קוזנעצאָוו וועט

בלייבן אויוזן, כדי בעסער צו קענען אויסקוקן און אויסהערן, די סאָלדאטן וועלן בלייבן אונטן. איינער וועט האלטן וואך און מע וועט זיך בייטן יעדע שעה, כדי מע זאָל זיין גוט אויפמערקזאם. קוזנעצאָוו שטעלט יואלן די ערשטע „סמענע און וואָרנט אים: „עפן אויג און אויער. מע קען נישט וויסן צו די דייטשן וועלן נישט פרואוון אונדז כאפן. וויפל מע שטייט אויף דער וואך קומט יעדע פערטל שעה עמעצער פון אינעווייניק, זען צי מע שלאָפט נישט אָדער ... צי מע לעבט נאָך. יואל שטייט מיט געשפאנטע נערוון, מיט געציילטע אוירן און אויגן; ער פרואווט שמעקן צי עס דערנענטערט זיך נישט עפעס א באשעפעניש. נאָך א פערטל שעה איז ער שוין צוגעוואוינט צום שטיין, אָבער עס גליסט זיך אים פאָרט צו זיין אינעווייניק, כאָטש דאָרט איז אויך געגנוג סכנה. א קינד פארמאכט די אויגן, דאכט זיך אים, אז די סכנה איז אוועק. ווען עס ענדיקט זיך זיין צייט און ער קומט אריין אין שטוב, פרעגט אים קוזנעצאָוו: „ווי פילסטו דיך? ענטפערט יואל: „עס איז מיר בעסער איידער דעם גענעראל קאָך, דער גענעראל פון קעניגסבערג. ערשט שפעטער איז מען געוואוירע געוואָרן, אז דער גרויסער גענעראל איז אנטלאָפן פון זיין פאָכטן, נאָך איידער די שטאָט איז געפאלן.

—נו, לאָמיר איבערבייסן, מאכט קוזנעצאָוו נעמט מען אביסל בראָמפן, מע פארבייסט מיט קאָלבאס און מע שמועסט געמיטלעך און היימיש. יואל דערציילט וועגן אייניקע איינדרוקן פון זיינע נסיעות און קוזנעצאָוו הערט אוים, פרעגט עפעס פון צייט צו צייט און דערנאָך מאכט ער צו אים: „עך, וואָס טויג מיר דיין פאריז מיט דיין בוקארעשט. ערגעצוואו, אין יענער זייט אוראל, שטייט א דאָרף, שטייט א הייזל, פארן הייזל פליסט א דין טייכל. דאָרט שווימען ארום ווייסע קאטשקעלעך. מע שפאנט אריבער א קלאטקע, איז מען פארן הייזל. איך פיר אָן מיט דער קליינער פאָסט פונעם דאָרף: איך האָב געגנוג פרייע צייט; גיי איך אין וואלד זאמלען ניסלעך פון די צעדערן, וואָס וואקסן ביי אונדז; קיין עפל וואקסן נישט ביי אונדז, קיין סך גרינוואַרג אויך נישט, אָבער מיר איז דאָס ליב ווי מיין לעבן."

קוזנעצאָוו איז א רואיקער מענטש, א פריינטלעכער, אָבער נישט קיין צעבדאסטעטער מאן. ער ווייסט זייער ווייניק וועגן יידן און ער הערט מיט אינטערעס, דאָס וואָס יואל דערציילט אים וועגן זיין שטאָט. באלד שטייט ער אויף און גייט רעדן מיטן וואך-פאָסטן, א צווייט מאָל שיקט ער יואלן אָדער דעם אנדערן סאָלדאט. דערנאָך גייט ער ארויף אויפן אייבערשטיבל און הערט זיך איין, קוקט מיטן בינאָקל. הכלל, ער שאפט זיך א געוויס בילד וועגן דעם שונאס מצב. א צוויי שעה פארן אָנהייב טאָג גרייט מען זיך אויפן צוריקצווועגס. מע באמיט זיך צו גיין אויפן זעלבן וועג; איצט פילט מען זיך היימישער מיט אים און מע

איז ביכלל רואיקער. אין דער פינצטער האָבן מעטאַלענע מכשירים, אויטאָמאַט, קוילן־שאַכטל, לאָפּעטע, זיך אָנגעקלאַפּט און פון דער דייטשער זייט שיסט מען, אָבער מע טרעפט נישט דעם ציל. איצט קריכן זיי אַלע פיר „אויף אַלע פיר. מע קומט נאָענט צו די אייגענע אָקאָפּעס. די וואַך פרעגט: „שטיי, ווער גייט! ענטפערט מען שטיל: „אייגענע. מע דערקענט דאָס קול און מע לאָזט זיי דורך. ביז פאַרטאָג איז מען דערגאַנגען צו די אייגענע זעמליאַנקעס און זיך גוט אויסגעשלאָפן ביזן מיטאָג. נאָכן אויפשטיין דערפילט ערשט יואל די געפאַר, וואָס ער איז איבערגעקומען. און עס שפינט זיך אויס אַזאַ געדיכט:

ווער האָט אַרויסגעזאָגט דאָס שטילע וואָרט / אין שניידנדיקער שטילקייט פון בלינדאַזש? / עס טרעסטלט אונטער דיר דאָס אָפּרו־אָרט / און דריי סיפּאַיבערט טונקלקייט אין פונק־מיראַזש // די מידקייט קנייט די גלידער ווי אַ וואַקס / נאָר די געשפּאַנטקייט ציט זיי ווידער אָן / עס דרייט זיך שווינדלענדיק ווי אַרום אַן אַקס / איבערן קאָפּ אַ פייערדיקע פאָן. // דער טויט איז היינט צוגאַסט אין אונדזער מיט / ער שוועבט אַרום מיט סאַמעטענע טריט, / ער ווינקט צו אונדז פון צוגעמאַכטער טיר, / זיין אָטעם שטעמפּלט יעדן אונדזער ריר.

דער טויט איז נאָך צוגאַסט אין אונדזער מיט.

זינט ער איז אָנגעקומען אויפן פראָנט האָט זיך יואל געפרעגט: צוליב וואָס קעמף איך? ער האָט אוודאי געקענט ענטפערן רעזיגנירט: מע האָט מיך מאָביליזירט, בין איך אַ סאָלדאַט, טו איך וואָס מע באַדאַרף צו טון, קעמפן. דאָס וואָלט אָבער געווען אַ צו שוואַכער תירוץ פאַר אים. ער האָט נישט ליב פּאַסיוו אויפצונעמען דאָס לעבן. זינט זיינע יינגלישע יאָרן איז ער געווען נאָענט צו די קרייזן, וואָס קעמפן פאַר אַ בעסערער, גערעכטערער וועלט, פאַר פרייהייט. אַזוי אַז איצט קען ער זיך פאַרענטפערן, אַז ער קעמפט פאַר באַפרייונג פון פעלקער און לענדער, פאַר באַפרייונג פון מענטש און פאָלק און כדי צו באַצאָלן היטלערן פאַר זיינע פאַרברעכנס.

זינט סוף אויגוסט 1944 איז אים אַראָפּ אַ שטיין פונעם האַרץ. זינט רומעניע האָט אויסגעדרייט דעם „דישל“ און קעמפט מיט די אַליאירטע קעגן דער „אַקסע“ הערט ער מיט הארצקלאַפּעניש די ידיעות וועגן פאַראויסמאַרשירן פונעם רומענישן מיליטער. ער פילט, אַז ער טוט דאָ, דאָס וואָס זיי טוען דאָרט. איינעם מיטן צווייטן אוקראַינישן פראָנט באַפרייט דאָס רומענישע מיליטער יענעם טייל טראַנסילוואַניע, וואָס היטלער האָט אוועקגעשענקט די האָרטיסטן (אַ בעל צדקה אויף אַ פרעמדער קעשענע!). סוף אָקטאָבער איז גאַנץ טראַנסילוואַניע באַפרייט דורך רומענישן מיליטער און איצט העלפן זיי באַפרייען אונגערן און טשעכאָסלאָוואַקיע. עס איז גאַנץ קלאָר. יעדער סאָלדאַט, יעדער פּאַרטיזאַן,

יעדער קעמפער קען פאשיזם איז א שותף אין סיי וואָס פאר אן ארמיי ער זאָל נישט קעמפן, איבעראל שלאָגט ער זיך, כדי צו באפרייען און צו באנייען זיין היימלאנד, אין געדאנק גייט ער זיי נאָך אין זייערע קאמפן און ער פילט דאָ דאָס־זעלבע, וואָס זיי פילן דאָרט. ער איז זייער שליח דאָ אין צפון. און ער איז נישט דער איינציקער.

די קאָמוניקאטן פון דעם רומעניש מיליטער זענען פאר אים ווי גרוסן פון דער היים. דערצו האָט מען זיי יעדן טאָג, בעת ברייוו פון דער פרוי, פון דער מאמען, לאָזן אויף זיך וואַרטן וואָכן און אפילו חדשים ...

דערווייל איז א צפונדיקער פרילינג און יואל געפינט זיך לעבן עליזאבעט־דאָרף, אין שלאָס פון די גראפן דאָנא. א שיינער שלאָס מיט א רייכער ביבליאָטעק, אָבער ... אלצדינג ווערט באָמבארדירט טאָג און נאכט אָן אויפהער דורך די דייטשן, וואָס האָבן זיך נאָרוואָס צוריקגעצויגן און זיי האָבן גוטע רעפער־פונקטן פאר זייער ארטילעריע. און סיידווי זענען זיי איינגעקרייזט און זיי האָבן אסך וואָפן און אמוניציע. וואָס זאָל מען טון דערמיט? שיסט מען! איי מע ענטפערט זיי מיט דערזעלבער מטבע, איז פארפאלן.

יואל מיט זיינע חברים נישטערן אין דער ביבליאָטעק! דער פשוטער סאָלדאט זוכט „נאקעטע ווייבער און פאפיר צום רייכערן.“ יואל זעט זעלטענע אויסגאבעס, אינקונאבלען, קונכט־מאפעס. ער פארגינט זיך בלויז צו נעמען א קליינע ענגלישע אויסגאבע פון שעקספירס „שיילאָק און היינעס „בוך דער לידער“ ער וועט זיי מיטפירן דורך בלוט און שטורעם און ער וועט זיי האלטן פאר אן אנדענק. ער וועט אָנטרעפן אין העפט פונעם אכצענטן יאָרהונדערט. אויף די פרייע בלעטער וועט ער שרייבן ברייוו אהיים. זיי ליגן נאָך ביי אים און זיי דערמאָנען אים אין יענע הייסע טעג און נעכט.

די באָמבארדירונג צעטרייסלט די נערוון. אכט קילאָמעטער ווייטער, ליגט א וואלד. דאָרט געפינען זיך די זאפאסן, די קיך, דער „מעדסאנבאט“. פון דאָרט ברענגט דער סטארשינא יעדן גאנצפרי, פארן זונאויפגאנג און יעדן אָוונט, נאָכן זון־פארגאנג, דאָס ווארעמע עסן. גיט די אָנפירונג א באפעל, אז יעדן אָוונט זאָל מען נעמען צו עטלעכע זעלנער און זיי פירן אָפרוען אין וואלד אויף א מעת לעת. קומט מען פון דאָרט צוריק אויסגערוטע, אָפגעפרישטע און גרייט צו גיין אין אטאקע.

אין א פשוטן מיטוואָך שטייט יואל אין הויף פונעם פאלאץ און טוט א הייליקע ארבעט: ער באקט לאטקעס, „אלאדי“ ווי מע רופט זיי! ער מישט מעל מיט וואסער און פרעגלט עס איך א פאן. פלוצים נעמען פאלן באָמבעס ארום אים. ער איז שוין צוגעוווינט דערצו, באמערקט ער נישט, אז זיי פאלן גאָר גאָר נאָענט.

ווען ער באַמערקט די סכּנה איז שוין צו שפּעט, בלײַבט ער אַ צעטומלטער און נישט ווענדיק טוט ער ווײַטער מעכאַניש זײַן אַרבעט. דערווײַל איז די באַמבאַרדירונג אָפּגעגאַנגען ווײַטער און זײַנע קאָלעגן זענען אַרויס פֿון די גריבער און באַהעלטעניש. דער מאַיאָר לויבט אים פֿאַר זײַן קאַלטבלוטיקייט און... אַ חודש שפּעטער וועט ער באַקומען אַ מעדאַל „פֿאַר געוואַגטקייט". אָבער די לאַטקעס זענען אויך נישט געווען איבעריק.

יואַלס קענען פֿרעמדע לשונות קומט צונוץ. אָט באָרגט אים אויס אַ טאַנק-בריגאַדע. מע פֿרעגט אים צי ער איז מסכּים צו גיין אויפֿ אַן אויסשפּיר און יואַל וויל נײַש אָפּזאָגן. די אָבסעסיע מע זאָל אים נישט האַלטן פֿאַר אַ מוראַדיקן יידלאַק. ער האַלט, אַז פֿאַרן טויט קען מען זיך נישט באַוואָרענען, דאָ אויפֿן פֿראָנט, און אַז מע מוז זיך נישט גריבלען צי און ווי געפֿערלעך עס קען זײַן אַ מיסיע.

זעצט ער זיך אַרײַן אין אַ דרײַראָד אײַנגעם מיט אַן אָפֿיציר, אַנדערע סאָלדאַטן רײַטן אויפֿ טראָפּעישע מאָטאָציקלען, זיי פֿרייען זיך ווי קינדער מיט אַ שפּילעכל און מע לאָזט זיך אין וועג אַקעגן נאַכט, אויפֿ אַ שאָסיי, וואָס איז נישט צו שטאַרק צעשאָסן. נאָך אַ דרײַ קילאָמעטערס שטעלט מען זיך אָפּ און מע שאַרט זיך צו צו אַ שטיבל עק וואַלד, ווי אַ דײַטשער פּאַטרול טריקנט זאָקן. זיי האָבן פּאַטרולירט עטלעכע שעה, געזען אַז עס איז שאַ, שטיל איז מען אַרײַן אין שטיבל זיך אָנוואַרעמען. מע גיט זיי נישט קיין צײַט צו כאַפּן די ביקסן, נאָר מע בינדט זיי און מע פֿירט זיי אָפּ אין שטאַב. אויפֿ סאָלדאַטיש לשון רופֿט מען דאָס געכאַפּט אַ „צונג": האָט מען וועמען אויסצופֿרעגן. דערווײַל בײַט מען זיך מיט די שיך. זיי טראָגן גוטע שטיוול...

סוף מאַרט. דער באַלטישער ים איז אומפֿרײַנטלעך, ער איז נאָענט און אַ נאַסע קעלט פֿרעסט זיך אײַן אין די ביינער. מע איז דערגאַנגען ביז נויהיזער-טירנאַרטען. אין הויף האָט מען געגראָבן אָקאָפּעס און אויפֿגעשטעלט די מינען-וואַרפֿערס; מע שטעלט אויפֿ אַ וואַך און אַליין ליגט מען אין שטוב אויפֿ ווייכע קאַנאַפּעס, סאָפֿאַס, מאַטראַצן און מע דערוואַרעמט זיך מיט טיי. מע ווייסט, אַז מע איז נאָענט צו דער ערשטער ליניע און מע ריכט זיך אויפֿ אַלאַרם יעדע רגע. און באמת, מע האָט נאָרוואָס אויסגעשטעלט אויפֿ טיי, דערהערט זיך דער באַפֿעל: „אויפֿ אײַערע ערטער! פֿייל אויסן בויגן לויפֿט יעדער צו זײַן געווער אויפֿ זײַן אָרט און באַלד הערט מען ווײַטערדיקע באַפֿעלן: „קעגן שונא, פֿאָרויס, 600 מעטער, פֿײַער", און באַלד ווידער: „פֿײַער!" מע שיסט, כּדי צו שטיצן די אַטאַקע פֿון דער אײַגענער אינפֿאַנטעריע קעגן די נישט ווײַטע אָקאָפּעס. באַלד באַדאַרף מען דעקן אַ ברייטערן פֿראָנט, באַפֿעלט מען: „פֿעכער!" („ווײַער!")

צעטשעלט מען די מינענוואַרפערס ווי אַ פּעכער און מע גיט־שמעקן פּולווער דעם שונא. יואל און זיינע חברים „אַרבעטן מיט די זייטן“ מע דערלאַנגט אויף גיך די מינעס אין די הענט פון דעם אָנלאָדער, נאָכדעם, וואָס מע האָט זיי אָנגעטאָן אַ רינגל מיט אויפרייס־מאַטעריאַל, כדי זיי זאָלן פליען גענוג ווייט. פון צייט צו צייט קאָנטראָלירט דער קאַפּיטאַן דורכן שפּאַקטיוו צי די ריכטונג איז די נייטיקע; טאָמער נישט, מאַכט מען קאָרעקטירן און מע באַפעלט צו רירן דעם רער אויף רעכטס אָדער לינקס, העכער צי נידעריקער, אָדער גאָר אינגאַנצן איבערפירן דעם גאַנצן מינענוואַרפער. עס איז שענער ווי אין בעסטן טעניס־מעטש. די אויגן קוקן שאַרף צי די מינע איז אַרויס פונעם רער, די אויערן ווערן פאַרטויבט פונעם רעש, די הענט ווערן מיד פון די שנעלע באַוועגונגען. נאָך אַ צען מינוט ווערט באַפוילן אָפּצושטעלן דאָס פייער; די אייגענע אינפאַנטעריע קומט נעענטער צום שונאס אָקאָפּעס, באַשטייט די געפאַר, אַז מיר זאָלן שיסן אין זיי; עס טרעפט זיך אַזוינס אין יעדן מיליטער. נאָך דער מילחמה וועט יואל לייענען מיט אינטערעס מעמואַרן פון מילחמה, וועט ער זען, אַז שיסן אויף אייגענע על פּי טעות געשעט איבעראַל. נאָך דער מילחמה וועט ער ליב האָבן צו וויזיאָנירן מילחמה־פילמען; ער וועט זיך פאַרענטפערן: „עס איז באַקוועם צו זיצן אויפן בענקל אָדער צו ליגן אין בעט און זען אַן אַטאַקע אין וועלכער מע איז נישט קיין מיטשפּילער, נאָר אַ צוקוקער“.

יואל טראַכט אַסך וועגן אופן פון פירן מילחמה. ער האָט זיך פריער אינטערעסירט מיטן ערשטן וועלט־קריג, איצט קען ער זען פון דער נאָענט נייע טעכניקעס, כאָטש ער איז אַ פּשוטער זעלנער און ער איז נישט קיין שטאַרקער סטראַטעג. דאָס ביסל וואָס ער האָט געלערנט אין קראַיאָווע אין דער שולע פאַר רעזערוו־אָפיצירן און אין ראָמאַן ביי דער פעלדאַרטילעריע, אַ געפירטע דורך פערד, איז ביז גאָר פאַראַלטערט. איבעריקנס האָט רומעניע בעת דער מילחמה שטאַרק מאָדערניזירט איר אַרטילעריע.

נייע טאַקטיקעס. מע האָט געוואוסט, אַז ווען טאַנקען פאָרן אויף אַטאַקע ביינאַכט, טוען זיי עס מיט פאַרלאָשענע פּראָזשעקטאָרס מע זאָל אין זיי נישט קענען צילן פּרעציז. די פאַרבינדונג צווישן זיך האַלט מען דורך ראַדיאָ. דאָס־מאָל איז עס פאַרקערט.

יואלס אָפּטייל מאַרשירט אויפן שאָסיי שטיל אין דער פינצטערער נאַכט. פּלוצים, אומפאַרשטענדלעך פון אַ זייטן־וועג באַווייזן זיך הונדערטער שטאַרקע פּראָזשעקטאָרס, וואָס בלענדן. דאָס איז אַ קאָלאָנע טאַנקען, וואָס גייען אויפן שונא. מע רעכנט נישט מיטן שונאס טאַנקען אָדער „פּאַנצערפויסטן“; מע שפּילט מער אויף דער פּסיכישער ווירקונג, אויפן שאָק צוליב דעם פאַרבלענדן און

פארטויבן דורכן רעש פון די מאָטאָרן און רעדער. איבעריקנס איז דאָס ליכט א מיטל צו דערזען דעם שונאס פּאָזיציעס, ווייל ער האָט אמאָל א טבע אויף גיך צו בייטן זיינע אָקאָפּעס ווי נאָר די נאכט פאלט צו.

די פייערדיקע קאָלאָנע פליסט ווי אַן אפּאָקאליפּס און ווען זי צעשפּרייט זיך אין דער ברייט פונעם גאנצן פראָנט, וואָס פאר איר, איז גרינג צו פארשטיין דאָס גהינום, וואָס עס צעגיסט זיך איבערן שונא. מע האָט זיינע פּאָזיציעס צעריבן אונטער די רעדער און זיי האָבן באוויזן נאָר צו אָפּשטעלן דריי טאנקס, צילנדיק אין זייערע שעניל.

יואל ווייסט נאָך נישט, אז דאָס איז די לעצטע שלאכט וואָס ער פארברענגט מיט זיינע געטרייע חברים פון דער מינענוואַרפער-ראָטע. צומאָרגנס גאנצפרי ווערט ער ארויסגערופן אין שטאב פון דער דיוויזיע. מע הייסט אים מיטנעמען זיין געפּעק, ווייל ער וועט פעלן עטלעכע וואָכן. עס שטעלט זיך ארויס, אז מע שטייט שוין איצט ביי די טויערן פון קעניגסבערג. די אוויאציע האָט באָמבאר-דירט די בארימטע פעסטונגען מיט 20 מעטערגראָבע ווענט און זיי צעשטערט. יואל מיט עטלעכע אָפיצירן און סאָלדאטן ווערן דורכגעלאָזט דורך די פערער-שטע פּאָסטנס ביז צו א גרעסערער שטוב. וואָס שטייט איינזאם אין א זייט. די אנדערע הייזער ארום זענען חרוב. צוליב דעם שטארקן באָמבארדירן אנטלויפן פון קעניגסבערג טויזנטער מענטשן. דארף מען זוכן צווישן זיי געפערלעכע קריגס-פארברעכער און אנדערע פארדעכטיקע. מאכט מען א „זיפּ“ און מע פרעגט אוים אויף גיך יעדן איינעם. יואל קוקט מיט א ביטערן שמייכל אויף א דייטש, וואָס שלעפּט זיך מיט א שווערן ראנץ: עס שטעלט זיך ארויס, אז ער איז פול מיט געלד. דאָס איז די שפע פון דער לעצטער וואָך אין דער בעקעריי. מע שיט אוים די עובר געוואָרענע פּאפּירן און דער בעקער איז פארצווייפלט.

ער פילט נישט, אז דאָס איז דער אָנהייב פונעם סוף. נו, אוודאי טרעפט מען איבערגעטועגע דייטשישע אָפיצירן און מע שיקט זיי איבער צו אַן אנדער זאמל-פונקט. אָט באווייזט זיך אַן הויכער, ברייטפּלייציקער מאן מיט צוויי שטארקע לעדערנע ראנצן. ביים אויספרעג שטעלט זיך ארויס, אז ער איז א ספּעציאליסט אין וואסער-באזאָרגונג און אז ער איז געשיקט געוואָרן צו קאָנטראָלירן די שטאָט, דעם צענטן אפּריל! ער האָט געוואָלט זיין פריער כדי זיך אָפּצורוען. יאָול באמערקט איראָניש: „איר זענט געקומען צו פרי און צו שפּעט“. דער אינז-שינירער דערציילט, אז אין יאָר 1926 האָט ער געארבעט אין סאָוועטן-פארבאנד ווי א ספּעציאליסט אין נאפט זוכן. ער מיינט, אז דאָס וועט גרינגער מאכן זיין גורל.

יואל וואָלט געפילט א גרויס רחמנות מיט דער ציוויל-באַפעלקערונג, אַלטע לייט, פרויען, קינדער, וואָס ראַטעווען זיך פון דער ברענענדיקער שטאָט. זיי דערציילן וואָס פאר א גהינום זיי האָבן איבערגעלייבט זינט אָנהייב יאָר, ווייל „די רוסן האָבן שטארק באָמבירט", איצט פירט מען דאָס ביסל געראַטעוועטע „האָב-און-גוטס" אין א קינדער-וועגעלע אָבער אין א רוקזאַק מיט א רענצל. ער פרעגט זיך אָבער וויפיל פון זייערע מענער, זין, ברידער האָבן געהאָלפן אויסקוילען א וועלט מיט אומשולדיקע מענטשן. זיי טענהן, אז זיי האָבן נישט געוואוסט פון גאָרנישט. ווי איז מעגלעך אזא „גאָרנישט וויסן, „ווען מע האָט די קעניגסבערגער יידן געפירט אין די טויט-לאַגערן? מידת הרחמים? מידת הדין?

דערווייל גיט מען די ארבעט: דעם רוב באַפעלקערונג לאָזט מען גיין אין הינטער לאַנד און נאָר מיליטערלייט און פאַרדעכטיקטע ווערן געשיקט צו א העכערער אינסטאַנץ. די ארבעט ציט זיך צוויי מעת לעת. דערווייל שלאָפן נישט די פיר טויזנט „פייער מיילער" פון דער ארטילעריע. פינעף הונדערט אוויאָנען פליען יעדעם פערטל שעה און זיי באַשיסן די 90 טויזנט מיליטערלייט אין שטאָט מיט זייערע גרויסע רעזערוון עסן און וואָפן, וואָס האָבן געקלעקט אויף דריי חדשים (דאָס האָט מען שפּעטער זיך דערוווסט.) איצט דערוויסט מען זיך, אז דער אָרטיקער נאַצי-אָנפירער קאָך איז אנטלאָפן פון דער שטאָט נאָך צוריק מיט וואָכן און אז זיין יורש, וואגנער, האָט באַפוילן צו פאַרוואַנדלען יעדע שטוב אין א פעסטונג.

אין אָנגעקומען דער באַפעל: פאַרסירן דעם פרעגל, דאָס וואַסער וואָס פירט אריין אין קעניגסבערג. די ברוק איז צעשטערט, שטעלט מען אויף לאָדקעס, מע שפּרייט איבער זיי ברעטער און מע שפּאנט ווי אויף א קליינשטעטלדיקער קלאַטקע. דער טייך איז ברייט און טיף. די דייטשן שיסן פון אַלערליי געווער ארום און ארום צישען די קוילן ווי די פליגן; שפּעטער וועט זיך יואל וואונדערן וויאַזוי ער האָט געקענט דורכגיין אזא האָגל פון בליי און בלייבן א גאַנצער.

דערווייל לויפט ער און שיסט אָן אויפהער פונעם „טויטאָמאַט": אין גאַרטל שטעקן די גראַנאַטן און דאָס מעסער. צום נישט צו באַדאַרפן. ארום די אויערן זשומען די בלייערנע טויט-ברענגענדיקע בינען און ער קוקט נאָר אויף דער פלייצע פונעם סאָלדאַט, וואָס לויפט פאר אים און ער לויפט נאָך. פון צייט צו צייט וואַרפט מען זיך צו דער ערד און מע שיסט. הכלל, מע איז שוין איבערגעקומען דאָס ברייטע טיפע וואַסער פרעגעל מיט דער סכנה צו ווערן דערטראָנקען, און מע לויפט קיין קעניגסבערג. דאָס איז דער קירצסטער וועג אהיים. דערווייל באַפעלט מען, זיך צו באַשיצן אין די אָקאָפּעס, וואָס די דייטשן האָבן נאָרוואָס פאַרלאָזט, און וואַרטן. מע האָט זיך געריכט אויף צען טעג קאַמפן; עס האָט אָבער

געדויערט נישט מער ווי פיר טעג. דעם פיפטן אפּריל האָט די שטאָט קאַפּיטולירט. זי איז סיי ווי נישט מער ווי א באַרג חורבות.

דעם נײַנטן אַפּריל פאַרנאַכט. יואל אָפּטייל, דרײַ וועגענער מיט אַקטן, וואָפן, מענטשן, שטעלט זיך אָפּ נישט ווײַט פונעם פּלאַץ, וואָס פאַר דעם באַרימטן פּאַלאַץ פון דעם טעוטאָנער ריטער-אָרדן, וועלכער האָט פאַרכאַפּט בײַ די די סלאַוון דאָס גאַנצע מיזרח-פּרייסן. יואל איז ברוגז אויף דער שטאָט, וואָס מע האָט אים נישט צוגעשטעלט קיין „בעדעקער“, דאָס באַרימטע ביכל, וואָס באַשרײַבט די שטאָט מיט אירע מאָנומענטן. אָבער ער וואָלט סײַווי נישט געקענט דערקענען עפּעס לויט איר איצטיקן מצב. דרײַ חדשים באָמבאַרדירונגען האָבן צעשטערט די שטאָט, וועלכע די דײַטשן האָבן פאַרמישפּט צום אונטערגאַנג, דורכדעם, וואָס זיי האָבן זי באַשטימט פאַר א שלאַכטפעלד (יעדעם הויז, א פעסטונג, יעדער מענטש, א סאָלדאַט!). דאָס באַרימטע שלאָס שטייט אין פלאַמען, דעם ריזיקן ביסמאַרק-מאָנומענט פעלט א האַלבער קאָפּ. אסך פון די קונסט-און געשיכטע אוצרות זענען שוין פונלאַנג אַוועק מיטן פײַער. אין יעדער שטוב הענגט א לײַלעך, א האַנטוך, א ווײַסער סימן פון קאַפּיטולאַציע. די שטאָטלײַט קענען נישט תּופס זײַן, אַז עס איז שוין צו שפּעט. פאַרשפּייטיקט אויף דרײַ חדשים וויי ניקסטנס.

און יואל טראַכט איצט ווידער צו די נײַע מעטאָדן פון קאַמף, וואָס סטאַלינגראַד און ענלעכע מקומות האָבן אויסגעלערנט. אויב מע דאַרף קעמפן אין שטאָט, גאַס בײַ גאַס, פאַר יעדער שטוב, זענען די נאָרמאַלע פאָרמאַציעס נישט דאָס פּאַסיקסטע. האָט מען אָנגעהויבן צונויפשטעלן נײַע איינסן, קלענערע און קאָמפּלעקסע: ראָטעס מיט ביקסן, מיט אויטאָמאַטן, אייגענע אַרטילעריע „איינסן“, אייגענע פאַרבינדונג און סאַפּיאָרן, אַפילו אייגענע קלענערע טאַנקן און „סאַמאָ־כאָדקעס“ לײַכט געפּאַנצערטע אויטאָס מיט לײַכטע קאַנאָנען. מע ברענגט צונויף די מענטשן פון באַצייטנס, כּדי זיי זאָלן זײַן באַקאַנט און אַזוי אַדוּרכזיך האַלטן אינייינעם.

מע האָט זיך גוט געגרייט צו גאַסן-שלאַכטן איצט איז דאָס איבעריק. די אַרטילעריע האָט זיך ווידער אַרויסגעשטעלט ווי „דער גאָט פון מילחמה“, וואָס נאָר די אַוויאַציע האָט געקענט קאָנקורירן, אי דאָס אויך נישט תמיד.

די קליינע גרופּע מיט יואלן פאָרט א גאַנצע נאַכט איבער די גאַסן, וואָס זענען באַלויכטן פעעריש דורך די ריזיקע אָנסופיקע שׂריפות. מע קען אַפילו איבערלייענען די אויפשריפטן „ליצמאַנשטראַסע“, אַדאָלף היטלער-שטראַסע“ און אַנדערע באַרימטקייטן, וועמענס נאָמען עס באַשײַנען איצט צוויי רייען אַמאָליקע הײַזער, פון וועלכע עס זענען נאָך פאַרבליבן האַלבע ווענט. אַמאָל א קוימען

און א הויפן ציגל, בעטאָן, שטיינער און צעשטיקלטע חפצים. דאָס פייער שפּיגלט זיך אָפּ אין קאנאל (קעניגסבערג איז — געווען — א בארימטע האוונשטאָט אויפן באלטישן ים, אדאנק די קאנאלן) און עס איז נאָך איבעראשנדיקער איידער די בארימטע פייערווערק־אָוונטן אין פּאריזער ווערסאי, וואָס יואל האָט געזען בעת דער וועלט־אויסשטעלונג פון 1937.

מע טאָר אָבער נישט פארגעסן, אז הינטער יעדער וואנט לויערט אפשר דער טויט דורך א משוגענעם היטלעריסט, צי א נישט באקאנטן וואָפן־לאגער. די נאכט ווערט שטילער און יואלס אַפּטייל שטעלט זיך אָפּ אין א שטאָט־טייל, וואָס טראָגט דעם נאָמען „יערוזאלעם". וואָס איז פון דיר געוואָרן, נאָמען פון דודס שטאָט, ירושלים! און ער דערמאָנט זיך אז ער איז אריין קיין קעניגסבערג דורך א שטאָט־טייל, וואָס רופט זיך „פּאָנארט". און ער דערמאָנט זיך, אז אין ירושלים דליטא, ווילנע, איז דאָ א קווארטאל, וואָס טראָגט אן ענלעכן נאָמען. איראָניע פונעם גורל!

יואלן וואָלט זיך געגלוסט צו זען קעניגסבערגער בארימטקייטן: די אוניווער־סיטעט, דעם קבר פון עמאנועל קאנט, דעם יידישן בית עולם, אָבער אלצדינג איז חרוב און סיווי איז ער נישט געקומען אהער ווי א טוריסט, נאָר ווי א קעמ־פער: גייט ער, וואוהין מע שיקט אים. פּאטרולירט מען צו פיר סאָלדאטן. מע גייט צווישן חורבות און האלב חרובע הייזער. מע מוז אָבער זיין פאָרזיכטיק. „ווע־האוונדאיע", פון א קעלער־שטוב, עק גאס, הייבט מען אָן שיסן אויף יואלן. מע ווארפט זיך צו דער ערד, מע'האלט זיך אן עיצה. מען שרייט צו די „העלדן": „הערט אויף צו שיסן, די שטאָט האָט קאפּיטולירט", ענטפערן זיי מיט א פרישער שי־סעריי. דאָט מען זיי, זיך איבערצוגעבן געפאנגען. ענטפערן זיי מיט א שיסעריי. שיקט מען זיי א דרייגאָרנדיקן רוסישן „מי שברך" אין דער מאמען אריין, און פון אונטער א פארדעק שיקט מען אן אויסשפּירער. יענער קריכט דורך א זייטן־גאס און שפּירט אויס, אז זיי האָבן נאָר איין פענצטער אין קעלער, ווארפט ער זיי אהיין א גראנאט: ביז וואָס, ווער, ווען קומט אונטער די גאנצע גרופּע און מע שיקט זיי נאָך עטלעכע גראנאטן ביז עס ווערט טויט־שטיל. עס שטעלט זיך ארויס, אז דאָס איז געווען א פארבלאָנדזשעטע גרופּע ס.ס.־לייט...

איז מען געגאנגען ווייטער אָן שאָדן.

יואל האָט געטראכט, אז אזיווי מע ווייסט ווער ער איז און וואָס ער קען, וועט מען אים נעמען צוהילף ביים דערקענען און פארשרייבן קולטור־אוצרות... עס האָט זיך אָבער ארויסגעשטעלט, אז מע דארף אים בילכער פאר א שיסער. דעם 14טן אפּריל האָט זיין אָפּטייל שוין פארנומען די קליינע האוונס ראנטאו און נזיקורען און ווייטער געגאנגען. יואל האָט נאָך דעמלט נישט געוואוסט, אז

ער וועט שפּעטער פאַרברענגען עטלעכע חדשים אין אַט די צוויי פּישערדערפער. דערווייל גייט מען אויף פּישהאָזען, ווי מע געפינט אסך מעדיקאַמענטן, אַ ברכה פאַרן שפּיטאָל.

די מילחמה גייט ווייטער. נאָך שווערע שלאַכטן פאַרנעמט מען דעם האַוון פּילאַו. די דייטשן האָבן דעם האַוון געהאַלטן מיט גרויסע קרבנות, געהאָפּט צו קענען זיך עוואַקואירן קיין מעריב. איז דער חלום אַריינגעפאַלן אין וואַסער, נישט נאָר מעטאַפאָריש. דאָ באַגעגנט יואל אַ יידישן מאַיאָר פון ווייסרוסלאַנד און מע קען רעדן אַ געשמאַקן יידיש פון דעם בעסטן סאָרט. ביידע דערפרייען זיך, נאָר די צייט שטייט נישט. דער מאַיאָר מוז ווייטער פאָרן מיט זיין טאַנק־דיוויזיע און יואל איז אויך נישט קיין ליידיקגייער.

איצט גייען שלאַכטן אויף דער לאַנגער שמאָלער, פון אַ האַלבן ביז דריי קילאָמעטער, ערד־צונג, וואָס מע רופט „פרישע נערונג‟. זי ציט זיך צווישן פּילאַו און דאַנציק, זי איז זאַמדיק און אויף איר געפינען זיך עטלעכע פּישער־דערפער. די איינוווינער זענען זיך צעלאָפן, געלאָזט אויף הפקר די אָרעמע באַ־לעבאַטעשאַפט. יואל דערמאָנט זיך אַזאַ בילד. מע האָט זיך אָפּגעשטעלט לעבן אַ גרויסן הילצערנעם בנין, מסתם אַ זאַמלפּונקט פאַר פּיש. אַ 50 מעטער פון אָט דעם בנין שטייען דריי גרויסע קאַנאָנען פערציק סאַנטימעטריקער קאַליבער. די פּיעכאָטע קוקט ווי אויף אַ בייז ווונדער אויף אָט די ריזיקע קאַנאָנען. אַביסל שפּעטער זאָגט מען זיי, אַז מע גרייט זיך שיסן מע הייסט אָפּגיין אין אַ זייט און עפענען דאָס מויל, כדי נישט טויב צו ווערן פונעם רעש און לופט־דרוק. די אויערן דאַרף מען אויך פאַרשטאָפּן. איצט וואַרט מען אויפן שאָס. פּלוצים האָט יואל דאָס געפיל, אַז די ערד האָט זיך געשפּאָלטן און אַז דער הימל איז אַראָפּ־געפאַלן אויף דעם זאַמדיקן האַב־אינדזל. אין דער אמתן איז איינגעפאַלן אַ טייל פון דעם הילצערנעם בנין און זאַמד שוועבט אין דער לופטן.

תיכף נאָכן אויסשיסן לאָזט מען זיך אין אַטאַקע אויפן שונאס אָקאָפּעס. באַלד טרעפט מען די ערשטע אָקאָפּעס, וואָס די דייטשן האָבן פאַרלאָזט צוריק מיט עטלעכע מינוט. דערווייל באַזעצט מען זיך אין זיי און מע שיקט פאָרויס יואלן מיט נאָך צוויי סאָלדאַטן, זיי זאָלן „אַ שמעק טון‟. מע גיט זיי מיט אַ היל־כער דורך וועלכן מע וועט צורעדן די דייטשן, אַז זיי זאָלן זיך גיבן געפאַנגען. יעדער קרבן איז איצט איבעריק.

די גרופּע גייט רעכטס אויפן ברעג ים, באַהאַלט זיך אונטער זאַמד־בערגלעך, צעשאָסענע אויטאָס, פעלדזן און מע דערנענטערט זיך צו די דייטשע פּאָזיציעס, כדי מע זאָל זיי קענען רופן זיך צו געבן געפאַנגען. די דייטשן דערשמעקן זיי און זיי נעמען באַשיסן די נישט־פאַרבעטענע געסט. יואל מיט זיינע חברים

באהאלטן זיך הינטער א צעשאָסענעם טאנק. די שיסעריי ווערט שטאַרקער, גע־פערלעכער, ווארפן זיי זיך אראָפּ צום רעכטן ברעג פונעם ים, מע באַפּט זיך אָן אין פעלדזן און ... מע נעמט קריכן אויף צוריק, צוביסלעך און פון צייט צו צייט קוקט מען צום שונא, און, פּלוצעם, זע נאָר! פון די טראנשייען שפּרינגען ארויס א פּאָר צענדליק דייטשן, אָן וואָפן און זיי לויפן גיך פאָרויס צו די סאָוועטישע אָקאָפּעס. יואל און זיינע חברים גרייטן זיך צו שיסן אויף זיי, נאָר יענע האָבן איצט אויפגעהויבן די הענט, זיי גיבן זיך געפאנגען. די איבעריקע דייטשן שיסן אויף זיי צוביסלעך. די קומענדיקע געפאנגענע ווארפן זיך צו דער ערד, לויפן ווידער מיט אויפגעהויבענע הענט און קומען אלץ נעענטער צו יואלס רעגימענט. מע דערזעט זיי און מע הערט אויף צו שיסן אויף זיי. לויט א באפעל נעמט מען שיסן פון דער זייט מיט ארטילעריע אויף די פארעקשנטע דייטשן פון הינטן.

אָט דער סימן פון דעמאָראליזאציע ביים שונא איז זייער געפעלן יואלס חברים. מע זעט באשיימפערלעך, אז „היטלער קאפּוט“ און אז יעדער קרבן פון ביידע צדדים איז איצט אן אבסורדער. מע מוז אָבער זיין פאָרזיכטיק. עס זענען געווען פאלן, ווען פאנאטישע ס.ס.-לייט האָבן זיך כלומרשט אונטער־געגיבן און נאָענט צו די אָקאָפּעס האָבן זיי געוואָרפן אויף אונדז גראנאטן און אנגעטאָן שאָדן. אמת, קיינער פון זיי אזוי נישט געבליבן לעבן, אָבער „קיינער פון אונדזערע פארוואונדעטע אָדער טויטע איז דערפון נישט געהאָלפן געוואָרן“, באמערקט אין געדאנק יואל מיט א געוויסן טרויער.

אויף א פארבליבן בלעטל פון זיין טאָגבוך וועט שפּעטער יואל איבערלייי־ענען: „דעם 28סטן אַפּריל 1945 האָב איך צום לעצטן מאָל געקעמפט מיט געווער אין האנט קעגן אן אָפענעם שונא ... דאָס וואָרט „אָפן“ איז נישט איבעריק, ווייל שפּעטער, אפילו נאָך דער דייטשער קאפּיטולאציע, האָט זיין אויטאָמאט אויך געמוזט נעמען א וואָרט, אָבער נאָר אין באזונדערע תנאים. דאָס איז אָבער אן אנדער ענין.

דערווייל איז יואלס דיוויזיע אין אָפּרו אין טאַראו, לעבן אן אלטן קלויס־טער פונעם 13-טן יאָרהונדערט. אין ערשטן וועלט-קריג איז ער באשעדיקט געוואָרן און מע האָט אים שפּעטער פארריכט. איצט איז ער ווידער א מלחמה־אינוואליד און מע וועט מסתם מער נישט פאריכן אָט דעם סימבאָל פון טעו־טאָנישער הערשאפט. דערווייל אָבער באוואונדערט יואל די מאָנומענטאַליש־קייט פון גאָטישער קונסט.

דער ערשטער מיי ווערט געפייערט אין שאָטן פון דעם גאָטישן קלויסטער. מע קומט זיך צענויף, עס יאווען זיך אקארדעאָנען און מע טאנצט מענער מיט מענער, ווייל דאָס ביסל טעלעפאָניסטקעס, קראנקנשוועסטער, וועג-וויי זער

פרויען קלעקן אויף איין צאָן. נאָר וועמען אַרט עס? מע פילט ממש, אַז דער שלום איז נאָענט.

איצט, אַז דער שלום איז נאָענט, טראַכט מען צו די נאָענטע חברים פונעם אייגענעם רעגימענט, וועלכע זענען געפאַלן אין קאַמף קעגן היטלערס האָרדעס. ווי אַ לעבעדיקער שטייט אים פאַר די אויגן שמואל לעשניק, אַ וואַרשעווער קליינוויקסיק יידל. אינדערהיים האָט ער געהאַט אַ קליין געוועלבל און מיט בלוטיקן שווייס געצויגן די אָרעמע פּרנסה. 1939 איז ער אַריבער אין מיזרחדיקן טייל און שפּעטער האָט ער זיך עוואַקוירט קיין מיטלאַזיע, געאַרבעט אין אַ דאָרף און איבערגעלעבט אַלע שוועריקייטן. דאָ איז ער אַריין אין ערשטן באַטאַליאָן, וואו ער האָט שטיל, געטריי און פּינקטלעך אויסגעפירט דעם באַפעל. יואל האָט אים געטראָפן אין פעברואַר ערגעץ נישט ווייט פונעם באַלטישן ים. די פראָנט-ליניע פון דער דיוויזיע איז געווען אַ ברייטע, מענטשן צו ווייניק. ביינאַכט, אין דער ערשטער ליניע איז געשטאַנען אויף וואַך איין מענטש אויף יעדע 50 מעטער; ער האָט טאַקע געהאַט אַ קוילנוואַרפער, אַ „פּוליעמיאָט“, און אַסך, אַסך אַמוניציע; חוצדעם זענען אין בונקער געשלאָפן זיינע חברים, גרייטע אים צו קומען צו הילף. דעם שונאס ליניע איז געווען נישט ווייט. די נאַכט איז געווען אַ שטאָק פינצטערע און מע האָט געוואוסט, אַז דער שונא איז פאַרצווייפלט און אַז ער וועט פּרואוון מיט יעדער ריזיקע צוריקצוגעווינען אַביסל פּלאַץ, כדי צו האַלטן פריי דעם שאָסיי לענגאויס דעם ים-ברעג. מע האָט געדאַרפט שטיין אויף דער וואַך און זיך „אויסקוקן די אויגן“ און „אויסשטעלן די אויערן“ אין דער ריכטונג פונעם שונא.

שמואליקן איז אויסגעפאַלן די צווייטע סמענע, די שווערסטע. שטייט ער אין דער פינצטער און אי ער איז געשפּאַנט, אי עס דרימלט זיך אים: פּרואווט ער טראַכטן צו טאַטע-מאַמע, וואָס זענען געבליבן אין וואַרשע, אָדער צו דער פרוי און קינדער, פילט ער, אַז מע טאָר זיך נישט פאַרטראַכטן, הערט ער זיך ווידער איין אין דער סודותדיקער נאַכט; זינגט ער אין זיך אַ חנוכה-לידל וועגן דער גבורה פון די חשמונאים, האַלט עס אים וואַך. און ווידער דרימלט עס אים: פּלוצים דערפילט ער אַ פאַרדעכטיקן שאָרך, מיט שטילע קולות נישט קיין סלאַווישע; שיסט ער אויס אויף אַלאַרם און באַלד שיסט מען צוריק פון אַ 100 מעטער פון פאָרנט. שמואליק דרוקט צו דעם פּולעמיאָט צו זיין שמאָלער ברוסט און מיט אַלע כוחות פירט ער אים אויף רעכטס און אויף לינקס; דער שונא מוז זיך אָפּשטעלן אויף אַ רגע, ווייל עס איז נאָך צו ווייט, כדי צו וואַרפן גראַנאַטן; דאָס זענען גורלדיקע רגעס, ווייל פון שמואליקס אַלאַרם זענען אויפגעשפּרונגען אַלע פונעם באַטאַליאָן און מע נעמט שיסן אויפן אָנגרייפער; מע שיקט אים

פּייערדיקע גרוסן פון רעכטס און פון לינקס; מע שיסט אויס ראַקעטן כּדי צו ערקענען די אַטאַקאַנטן. אַ פּאָר צענדליק, וואָס האָט געזאָלט עפענען דעם וועג פאַר אַ גרעסערע איינהייט; מע האָט שפּעקולירט אויפן מאָמענט איבעראַשונג; איז מען דורכגעפאַלן צוליב אַ קליין וואַרשעווער יידל; שמואליק איז שווער פאַרוואונדעט געוואָרן און אַפילו דער אָרדן פונעם „רויטן שטערן" האָט אים נישט געקענט צוריקגעבן דאָס לעבן. שפּעטער, אין יולי, האָט יואל באַגעגנט אויפן מיליטערישן בית-עולם איינע פון יענע באַשיידענע ברעטער-פּיראַמידעס, מיט אַ רויטן שטערן און מיט שמואליקס נאָמען; דעמאָלט האָט ער געזאָגט: „שמואל בר אברהם זיכרונו לברכה," ווייל, די שמואלס זענען אומגעקומען על קידוש השם.

די געדאַנקען פירן יואלן צו יענעם יידישן יונגערמאַן פון וואַרשע, וואָס האָט שוין געוואוסט, אַז זיין מישפּחה איז אומגעקומען אין געטאָ. ער האָט געקעמפט ווי איינער, וואָס שפּילט די לעצטע קאָרט.

און אָט, ווידער אַ פינצטערע נאַכט; מע מאַרשירט שטיל צווישן די שיטערצעזייטע הייזלעך פון אַ פישער-דאָרף. פּלוצעם, ערגעץ פון אַ זייט, האָט אַ קליינע דייטשע גרופּע אויסגעשאָסן איינע, צוויי מינוט מיט אַ מאַשינגעווער און אָנגעטאָן שאָדן: אַ פּאָר צענדליק פאַרוואונדעטע. מע שטעלט זיך אָפּ, מע יאָגט נאָך די אָנגרייפערס און דער סאַניטאַר זוכט אויף אַ שטוב, מאַכט אַביסל ליכט און מע ברענגט אַהין די פאַרוואונדעטע. יואל העלפט טראָגן די געטראָפענע. פּלוצעם דערזעט ער אין ליכט פון לאַמטערן דעם פּוילישן יונגנמאַן, שווער פאַרוואונדעט. יענער בעט זיך: „יואל, ראַטעוועט, לאָזט מיך נישט גיין יונגערהייט פון דער וועלט!" יואל פרעגט וואוהין קען מען אים פירן; קומט אונטער אַן אָפיציר מיט דריי עלטערע סאָלדאַטן און זאָגט צו יואלן: „קום גיך, דער קאָמאַנדיר פונעם באַטאַליאָן איז שווער געטראָפן, מע מוז אים גיך אָפּפירן; איר וועט גיין מיט אוראַלסקין; ער איז אַ קענער און אָפּטרעפן דאָס שפּיטאָל". מוז ער פאַרלאָזן דעם יונגנמאַן. מע נעמט אַ וואָלדעק און מע לייגט אַריין דעם קאָמאַנדיר; ער קרעכצט און בעט זיך: „קינדער, ראַטעוועט; איך בין אַ טאַטע פון פיר קינדער" און דערנאָך טראָגט ער איבער מוטיק די שווערע ווייטיקן. די פיר סאָלדאַטן בלאָנדזען אין דער פינצטער און זיי טראָגן אים.

מע בלאָנדזעט אַרום אין דער פינצטערער נאַכט ביז מע דערזעט אַ שוואַך ביסל שיין. מע דערוויסט זיך, אַז דאָרט איז איצט דער קאָמאַנדאָ-פּונקט פונעם רעגימענט. גייט מען אַריין. וואָס דאָרט טוט זיך. מע האַלט טעלעפאָנישע פאַרבינדונג מיט די ראָטעס, מיט שכנישע רעגימענטן, מיט דער דיוויזיע. דער אָפּעראַטיווער קאַפּיטאַן דערזעט דעם פאַרוואונדעטן, הייסט ער אים לייגן אויף אַ בעט און ער גייט ווייטער צו זיין אַרבעט, ער שיקט נאָך הילף צום „מעדסאַנבאַט",

דאָס שפּיטאָל פאַר ערשטער הילף, מע הייסט יואלן בלייבן מיטן פאַרוווּנדעטן און די אַנדערע צוריק צו זייער אָפּטייל. יואל איז ווי אין טראַנס; ער איז טויט־מיד, דערשיטערט פונעם נאָר וואָס איבערגעלעבטן, באַזאָרגט טאָמער אַטאַקירן די דייטשן און עס זענען פאַראַן נאָר אַ פּאָר וואַך־סאָלדאַטן; ער הערט ווי מע באַפעלט אַ גרופּע טאַנקן, וואָס זענען באַהאַלטן אין וואַלד, זיי זאָלן לויפן צו הילף דער אינפאַנטעריע, וועלכע איז איבערגעגאַנגען אין אַטאַקע; זיי טוען עס נישט גענוג גיך, דערמאָנט מען זיי איידל אין דער מאַמען. פון צייט צו צייט קומען פאַרבינדלער פון די טיילן, זיי באַריכטן וועגן דעם מצב און זיי נעמען באַפעלן. עס שטעלט זיך אַרויס, אַז צוויי פּראָוויזאָרישע טעלעפאָן־ליניעס זענען איבערגעריסן. דאַרף אַ טעלעפאָניסט גיין נאָכקאָנטראָלירן וואו דאָס איז געשען און ווידער צונויפקניפּן דאָס דראָט. אין דער פינצטער, אונטערן שונאס פייער און מיט דער געפאַר, אַז דער שונא האָט אינמיטן איבערגעריסן דאָס דראָט, כדי צו פאַרנאַרן אַ טעלעפאָניסט און אים נעמען ווי אַ „צונג‟, כדי צו וויסן וועגן אונדזערע לאַגע.

הכלל, עס בלייבט, עס זאָלן גיין צוויי גוט באַוואָפנטע סאָלדאַטן און יואל וועט שטיין אויף דער וואַך. פאַרלאָזט ער דעם פאַרוואונדעטן אָפיציר און גייט אויף דער וואַך אַ שעה צייט; דערווייל קומען אונטער אַנדערע סאָלדאַטן, אויף צו היטן דעם שטאַב. מע לאָזט יואלן שלאָפן לעבן דעם פאַרוואונדעטן; פּלוצים טאָרעט מען אים: „שטיי אויף, וואָס טוסטו דאָ?‟ ער קוקט זיך אַרום; עס איז אַ פאַרכמאַרעטער פרימאָרגן. ענטפערט ער: „איך היט דעם קאַפּיטאַן‟. „נו, קום שוין, מיר גייען פאָרויס‟. „און וואָס טו איך מיטן קאַפּיטאַן?‟ „דו ביסט געשלאָפן לעבן אַ טויטן‟, יואלן קומען טרערן אין די אויגן. ער געזעגנט זיך מיט אַ בליק פון דעם טויטן און... אין וועג אַריין, נאָכיאָגן דעם שונא.

ער וועט אָט די נאַכט נישט פאַרגעסן אַ גאַנץ לעבן, כאָטש זי איז נישט די שווידערלעכסטע פון זיין פראָנט־לעבן.

יואל בלעטערט זיינע אויפצייכענונגען און זאָגט זיך: גענוג טויטע, לאָמיר רעדן פון פרייזלעכערס. נאָכן סוף אַפּריל געפינט ער זיך אין צווייטן עשאַלאָן. די קליינע גרופּע צו וועלכער ער געהער איצט האָט באַקומען אויף עטלעכע טעג אַ פּאָר צענדליק פערד; בייטאָג פּאַשען זיי רואיק אויפן פעלד, ביינאַכט מוז מען זיי היטן. עס הייבט זיך אָן די צווייטע וואָך פון חודש מאַי 1945 און יואלן איז צוגעפאַלן די כמענע פון מיטנאַכט ביז 3. אין תוך איז אַ מחיה פרילינג־נאַכט און די געדאַנקען פליען צום נאָענטן שלום, צו דער היים, צו דער וועלט, וואָס מע וועט דאַרפן אויפשטעלן נאָך דער מלחמה. פאַרענדיקט זיין צייט, גייט ער שלאָפן.

פּלוצעם, פאַרטאָג אַ רעש, אַ געפּילדער, שיסערייען: האַלב אין שלאָף טראַכט זאָל: „די דייטשן זענען משוגע געוואָרן? איצט אינמיטן דערינען, אַטאַקירן זיי? פון וואַנעט?

טימאָפייעוו טאָרעט אים: „שטיי אויף, די מילחמה האָט זיך געענדיקט!"

נאָך די ערשטע טומלדיקע מינוטן שטייט איצט די גרופּע מענטשן אַביסל אומבאַהאָלפן. מע פילט זיך ווי אַן אַרבעטער, וואָס איז געבליבן אָן אַרבעט. יאָרנאַלאַנג איז מען געווען פאַרטאָן אין באַקעמפן דעם נאַציזם שונא, מיט אויפטוען און קרבנות, מיט פאַרצווייפלונגען און האָפענונגען, שוועריקייטן און ליידן; און איצט, אַז די היטלעריסטן זענען באַזיגט און די „צווייטע וועלט מילחמה" ווי מע וועט זי באַלד רופן, איז פאַרענדיקט, און מע וועט באַלד אַהיימפאָרן, אין אַ מין אָפּשטעל אין געוויינטלעכן לעבנס-סדר.

און דאָך איז עס אַ גרויסע פרייד. מע טראַכט נאָך דערווייל נישט צו דער היים, צו דעם אויסזע פון די היימישע, צו די שוועריקייטן פון ווידער אויפשטעלן די חרובע היימען, פון היילן דעם לאַנדס וואונדן. מע לעבט צווישן צוויי תקופות. אוודאי וועט אַזאַ שטימונג נישט דויערן לאַנג.

באַלד קומט מען מיטן עסן און מיט ... 200 גראַם בראָמפן פאַר יעדן איינעם. מע ווינטשט זיך אָן דאָס בעסטע און ... מע ציט זיך צוריק יעדער אין זיין ווינקל.

שפּעטער מיט אַ שעה ווילן זיך די צונגער צעלאָזן אין אַ גערעדעריי. מע וועט זיצן אויפן פעלד אין דער פרילינגדיקער לופט און פּלאַנעווען: דעמאָביליזאַציע, דער וועג אַהיים, די קינדער וועלן נישט דערקענען דעם טאַטן, אייניקע וויצלען זיך ביטער, אַז די מישפּחה איז גרעסער געוואָרן אָן זייער הילף.

אונטער אָט דער שטימונג זעצט זיך יואל אוועק און עס וועבט זיך אַ ליד. שפּעטער וועט עס אים אויסוויזן אַביסל צו ראָמאַנטיש פון איין זייט און צו תכליתדיק פון דער אַנדערער זייט, אַ געמיש פון געפילן און ... צוגעשפּילט. ער איז אויך אַ „קרבן" פון דער אידעאַליזאַציע, וואָס די פאַרבענקטע סאָלדאַטן, טראָגן איבער אויף זייערע היימען ער רופט אָן דאָס ליד „ווידערזען". ער ווייסט נישט, אַז שפּעטער וועט זיך דאָס ליד דרוקן אין ... אורוגוואַי. זיינער אַ תלמיד וועט עס טון.

## ווידערזען

כ-באַקרענץ מיין קאָפּ מיט רויטע בלומען
און גיי דעם ליבן גאַסט אַקעגן;
ער וועט אַ גאַנצער צו מיר קומען
פון ווייטע אויסגעבענקטע וועגן

איך וועל אים זען פון ווייטנס קומען
און אים מיין פרייד אקעגנטראָגן.
עס וועלן בלוטיק־רויטע בלומען
מיין גאַנצע בענקעניש אים זאָגן.

זע, ס׳האָבן יאָרן אין טראַנשייען
אין פייער־רעגן, באַמבנהאָגל,
זיין שמייכל נישט געקענט פאַרווייען,
זיין אימפּעט נישט געקענט פאַריאָגן.

איצט שטייט ער אין מיין ענגן שטיבל
בראָנזירט פון זון, פון ווינט, פון רעגן:
איך האַלדז און קוש מיין גאַסט, מיין ליבן,
אויף גרויעם קאָפּ, וואָס קומט אקעגן.

א מאָדנע חיה איז דער שרייבערישער מענטש, טוט א טראַכט יואל, אביסל מיט פּאַרדרוס, אביסל מיט שטאָלץ. די שווערע איבערלעבענישן זענען נאָך נישט פאַרקלונגען, אפשר אפילו נאָך נישט פאַרענדיקט, און שוין מאַכט מען דערפון ליטעראַטור. פון דער אַנדערער זייט איז אָט דאָס „ליטעראַטורעווען" אפשר אויך א פאָרם פון שווערער איבערלעבעניש. אפשר איז דער זאָג „בדמיך חיי", געצילט אויפן שרייבער וועלכער שרייבט צומאָל נישט מיט טינט, נאָר מיט זיין אייגן בלוט, כדי צו געבן א תיקון די איבערלעבענישן פונעם כלל.

דער עולם הייבט אָן טראַכטן וואָס אמאָל מער צו דער היים. איינער זאָגט: „איך האָב מיך שוין צוגעוואוינט צו עסן אין אָקאָפּעס און זעמליאַנקעס! אז אינדערהיים, ווען דאָס ווייב מיינס וועט מיר דערלאַנגען ד שיסל מיט עסן, וועל איך אַרונטערקריכן אונטערן טיש און דאָרט עסן". דערנאָך הייבט מען אָן אוים־רעכענען ווי לאַנג מע האָט נאָך צו זיין אין מיליטער. מאַכט א פויער: „עטלעכע וואָכן! אינדערהיים פעלן אוים הענט אויף די פעלדער. געגנוג ברויט האָט מען־צעטרעטן מיט די פיס: עס איז צייט צו מאַכן וואַקסן ברויט". א לערער האָט גע הערט, אז עס פעלן לערערס, וועט מען זיי פריער אהיימשיקן, יואל טראַכט, אז פריער וועט מען אהיימשיקן די עלטערע יאָרגענג. און ער איז דאָך אין פער־ציקסטן לעבנסיאָר. עטלעכע טעג שפּעטער גייט אַרום א קלאַנג, אז מע וועט אינגיכן דעמאָביליזירן די עלטסטע צען יאָרגענג. יואל ווייסט אז מע האָט גע־

נומען אין מיליטער נאָר אונטער דעם עלטער פון 50 יאָר. דאָס באטייט, אז ער וועט זיך געפינען צווישן די דעמאָביליזירטע און ער שרייבט אהיים וועגן דעם. מע טאָר נישט פארגעסן, אז ער איז שוין געווען ווייט פון דער היים גאנצע 50 חדשים. עס איז שוין די העלפטע צייט אהיימצופאָרן. און ער טראכט מיט האר-צקלעמעניש צו די געפאלענע סאָלדאטן, וועלכע ער האָט געזען פאלן מיט זיינע אויגן און ווידער שפינט זיך אויס א ליד. עס ווייזט אים אָבער אויס צו וואָכעדיק און זאכלעך אָן שוואונג. ווארפט ער אוועק דעם כתב-יד און איראָניזירט זיך אליין: דאָס יידישע פאָלק האָט אין דער מלחמה פארלוירן גרעסערע ווערטן ... אין ערנסט לעבט מען אָבער איצט נאָר מיט ביטחון.

יואל ארבעט איצט אין שטאַב פון דער דיוויזיע, אין דעם פישער-דאָרף דאנטאו. איצט לעבן דאָרט דייטשע פליטים פון פארשיידענע שטעט, צווישן זיי אַן אקטאָר פונעם קעניגסבערגער טעאטער, א עלטער פריילן, א דאָקטאָר אין ביאָלאָגיע, דאָקטוירים, צאָנטעכניקערס. די דאָרפסלייט ארבעטן און באקומען עסן. פאר פרויען איז די לאגע שווערער איידער פאר מענער, פאר קינדער שווע-דער ווי פאר דערוואקסענע. אסך נעמען אויף די נייע לאגע; אנדערע קענען נישט פארגעסן, אז זיי זענען געווען די כלומרשטע העכסטער פון דער וועלט, ווייל זיי זענען „אַן העכערע ראסע‘‘.

יואלן קומט אָפט פאָר צו שמועסן מיט דער באפעלקערונג. ער גיט זיך תיכף אויס פאר א יידן (וואָס פאר א רום הייסט „קליינשטאָט‘‘?) און קיינער פון זיי האָט קיינמאָל נישט געוואוסט, וואָס עס איז געשען מיט די יידן, אפילו די קעניגסבערגער אינטעליגענץ אויך ניט. א קליין סוחרל פארענטפערט זיך פארוואָס ער האָט געהערט צו דער נאצי-פארטיי. אין דאָרף זענען זיי געווען צוויי קלייטניקעס. זיין קאָנקורענט האָט זיך פארשריבן, האָט מען אים געגעבן צו פארקויפן אלע אָפצייכענונגען, פאָנען, בילדער און מע האָט ביי אים איינגע-קויפט פאר מלוכישע אמטן; האָט דער צווייטער בעל-דבר געמוזט נאָכגיבן.

שטאָטישע פליטים דערציילן וועגן טעראָר און קאָרופציע פון די קליינע „הינטלעך‘‘, די קליינע נאצי-פונקציאָנארן פונעם בלאָק, פון דער גאס, פונעם קווארטאל. א נארישע עלטערע פרוי איז זייער ברוגז אויף גערינגן. ווייסט איר פארוואָס? ווייל ער האָט חתונה געהאט מיט א „שלעפל‘‘ א ביליקע אקטריסע. דאָס איז פאר איר דער גרעסטער חטא גערינגס.

אָבער יעדע טראגעדיע האָט אירע קאָמישע זייטן. יואל פאטרולירט אין א נאכמיטאָג ארום דאָרף. ער דערזעט אן אלטן דייטש וואָס פאשעט א מאָגערע קו. יענער בעט ביי אים א „ספיטשקא‘‘ יואל ענטפערט אים אויף דייטש און דער דייטש פרעגט אים צי ער איז נישט קיין ייד. יואל פרעגט צוליב וואָס ער וויל דאָס וויסן. מאכט דער דייטש: „איך בין א פרומער קריסט און איך ווייס, אז מיין

פאָלק האָט זיך שווער פאַרזינדיקט קעגן דיין פאָלק! איך אַליין האָב אויך געהאַט צרות פון דער פּאָליציי, אָבער מיין אמונה זאָגט מיט, אַז איך בין אַ מיטשולדיקער. איך בעט דיך, דו זאָלסט מיר זאָגן, אַז די ביסט מיר מוחל, ווייל איך בין אַ דייטש און ווייל דו ביסט דאָס פאָלק פון דער ביבל". „מילא, ענטפערט אים יואל, אויב דו אַליין האָסט נישט אָפּגעטאָן קיין שלעכטע מעשים, זאָל דיין געוויסן זיין באַרואיקט". דער דייטש בעט זיך ביי יואלן, ער זאָל אים בענטשן. דאָס איז שוין פאַר יואלן צו פיל. ער זאָגט אים, אַז ער איז אַ פרייִדענקער און אַז די בעסטע ברכה וועט זיין, אויב ער וועט מיטהעלפן אויסצוואָרצלען פון דייטשע מוחות דעם סם פון ראַסיזם.

פּראָבלעמען: צי זענען אַלע דייטשן שולדיק? אין וואָס פאַר אַ מאָס? און וואָס טוט מען מיט די אַנטי-פאַשיסטישע קעמפער און מיט די שטילע פּראָטעס-טאַטאָרן?

די בענקעניש נאָך דער היים, נאָך דער פרוי, נאָגט אין דער שטיל. דערמאָנט ער זיך אין די לאַנגע נעכט אין אַ סיבירער שפּיטאָל, ווען די בענקשאַפט האָט געפּרעסט דאָס האַרץ און עס איז אים אַביסל גרינגער געוואָרן נאָכן אָנשרייבן אַזאַ קאַטרען:

א טאַנץ פון מיליאָנען פלאָקנס קניי / אַ פלאַטער-פלי פון טויזנט ווייסע טויבן / און דו, אַ ווינטער-חלום צווישן זיי / וואָס ס'האָט דער פראָסט געמאָלן אויף די שויבן."

די שמועסן וואָס ער פירט מיט דייטשע געפאַנגענע, וועלכע אַרבעטן אין וואַרשטאַטן פון דער דיוויזיע און זיי באַקומען דאָסזעלבע עסן ווי די „רוסן", דערוועקט אין אים מאָדנע געפילן. מילא, די טעמפּע פישערס פונעם דאָרף האָבן נישט געוואוסט פון דער „ענדלעזונג", אָבער שטאָטישע?..

אינטערעסאַנט איז אַ יונגער ווינער מעכאַניקער גוסטאַוו. ער דערציילט פשוט וועגן דער אַרבעטסלאָזיקייט, וואָס היטלער האָט פאַרטריבן: מיטן גוטן עסן איז געווען שווערער (מאַרגאַרין אָנשטאָט פּוטער. אַ טאָג אין דער וואָך, אַ מיטאָג פון איין מין): ער באַדויערט, דאָס וואָס עס איז געשען מיט די יידן: מע האָט געזאָגט, אַז די יידישע פּלוטאָקראַטיע מוז אָפּגיבן דעם אַריער, דאָס, וואָס זי האָט אָנגערויבט. פון קיין טויט-לאַגערן, ווייכט ער נישט. יואל סימפּאַטיזירט אים, אָבער ער פילט אין אים דעם טיפּישן דורכשניט-מענטש, וועלכער שטעלט זיך נישט קיין פריקרע פראַגעס אין טראַגישע ענינים. יואל דערציילט אים אַביסל וועגן היטלעריזם און יידן-מאָרד און גוסטאַוו וויל זיך מיט אים חברן. יואל טראַכט זיך אַז יענער וויל אפשר פשוט האָבן אַ שטיץ.

עס פארגייט א וואָך; יואל איז געווען געשיקט אויף א שליחות. גוסטאוון האָט ער נישט געזען זינט עטלעכע וואָכן.

אין א טאָג רופט מען יואלן אין דעם שפּיטאָל פאר געפאנגענע. וואָס איז געשען? גוסטל איז קראנק אויף טיפוס, ער האלט ביים שטארבן (מיינט ער), וויל ער זען יואלן און אים בעטן מחילה פאר זיינע פאלשע געדאנקען וועגן יידן... יואל גייט צו אים; ער בארואיקט און דערמוטיקט אים און... ער גייט אוועק מיט געמישטע געפילן.

יואל דערמאָנט זיך אין א מאָדנעם ענין, וואָס קער זיך אביסל אָן מיט דער ברכה, וואָס דער דייטש האָט געמאָנט ביי אים. זיין חבר וועלינציי, א גריביש-קאטוילישער, וויים רום פון פוילן איז שווער פארוואונדעט געוואָרן און ער האָט מורא געהאט, אז ער וועט נישט בלייבן לעבן. ווי א פרומער קריסט, האָט ער נישט געוואָלט שטארבן אָן ווידוי; האָט ער געשיקט רופן יואלן און אים געבעטן, ער זאָל אויסהערן זיין ווידוי און אים גיבן די מחילה. יואל האָט געפּרואווט טענהן, אז ערשטנס איז ער נישט קיין גלח און אפילו נישט קיין קריסט, אָבער יענער האָט זיך אזוי געבעטן, אז יואל האָט אים געמוזט פאָלגן. האָט ער אויסגעהערט וועלינציים ווידוי און... אין געגעבן די מחילה מיט די באקאנטע ווערטער „אבסאָלוואָ טע...‟ די מעשה האָט אים נישט אויסגעוויזן לעכערלעך אָדער נאריש, ווייל פאר גוסס איז דאָס געווען א גרויסע דערלייכטערונג. וועלינציי איז סוף כל סוף געראטעוועט געוואָרן (דורך די דאָקטוירים), אָבער ער איז געבליבן איבערצייגט אז יואלס מחילה האָט אים אויסגעלייזט פונעם טויט.

יואלס קאָפּ הייבט אָן ארבעטן אויף שלום-טעמעס. צי מוז מען אומבאדינגט לויבן בארימטע ווערק און שרייבערס, כאָטש מע געניסט זיי נישט? איז אָט דערמענט ער זיך וויאזוי ער האָט אנטדעקט און דערפילט לעוו ניקאָלייעוויטש טאָלסטאָי.

ער און נאָך עטלעכע סאָלדאטן האָבן זיך אויפגעהאלטן עטלעכע וואָכן אין א דאָרף, ווייל מע איז חושד געווען, אז אין די ארומיע וועלדער באהאלטן זיך דייטשע סאָלדאטן. וואוינט מען אין א פארלאָזטער דירה, אפילו א פיאנאָ איז פאראן דאָרט און א גוטע ביבליאָטעק. אָפּגעפּאטרולירט זיינע דריי שעה ליגט ער אויף א סאָפא און לייענט. וואָס ער לייענט אזוי מיט ברען? טאָלסטאָיס „מילחמה און שלום‟. ער האָט דעם ראָמאן געלייענט פריער אין א טאנדעטנער איבערזעצונג אויף רומעניש, דערנאָך אויף א נישט זייער געראָטענער פראנצויזישער איבערזעצונג און נישט געקענט תופס זיין די גרויסקייט פונעם יאסנאיא פּאָליאנאער זקן. ערשט איצט, אין א גוטער דייטשער איבערזעצונג, געניסט ער ווי געהעריק דאָס זשעניאלע ווערק. אפשר איז שולדיק אויך זיין דער-

קענען דאָס רוסישע פאָלק און לאַנד און נישט ווייניקער די מילחמה־איבערלע־בענישן. אמת, די מילחמה־פירונג איז איצט א גאָר אנדערע, אָבער מענטשלעכע פראָבלעמעס זענען נישט אזוי ווייט פארשידן.

פאטרולירן גייט מען צו צוויי, יואל איז צונויפגעפּאָרט מיט אן אוקראַינישן לערער און מע גייט למשל פון 12 ביז 3 ביינאכט איבער די שטילע דאָרף־גאסן. מע איז גוט באוואָפנט מיט אויטאָמאטן, גראנאטן און ... וואכזאמקייט. היות עם פארגייען עטלעכע נעכט און אלץ איז רואיק ארום, פאלן די צוויי חכמים אינטעליגענטן אויף אזא געדאנק: צו וואָס גיין אין צווייען און זיך שטערן דעם שלאָף? בעסער וועט מען גיין איינציקווייז. אז א נארישקייט געראָט, איז עס נישט ווייניקער נארישקייט. די צוויי האָבן נישט געטראכט, אז איינער אליין איז די סכנה גרעסער; ווייל אז מע שפאנט דורך פינצטערע געסלעך נישט ווייט פונעם וואלד, קען דיך עמעצער אוועקלייגן שטילערהייט און קיין האָן וועט נישט א קריי טון ...

אויגוסט ווייסט מען שוין באשטימט, אז מע שיקט אהיים די עלטסטע צען יאָרגענג. יואל איז זיכער, אז ער איז צווישן זיי. גיי זיי א נביא, אז מע וועט זיך אָפּשטעלן ביי די געברוירענע אין יאָר 1905.. ביטערע שעהן, טעג און נעכט, ביז מע געפינט א טרייסט „אבי איך בין געבליבן לעבן!“. איבעריקנס, זאָגט מען צו, אז צום נייעם לערניאָר וועלן די לערערס שוין זיין אינדערהיים. מילא וועט מען נאָך צוואווארטן א חודש.

דערווייל גייט יואל מיט נאָך צוויי סאָלדאטן אויף א לענגערער נסיעה צופּוס. זיי וועלן אָפּפירן קיין דרום א טשערעדע פון א 20 קי. שפּאנט מען איבער וועגן און שטייגן, איבער וועלדער און פעלדער און פלוצעם, א איבערראשונג. אין א שטעטל דערזעט יואל א בלויע שטוב מיט א הויכן דרייעקיקן פראָנטאָן. מע שטעלט זיך אָפּ און ער גייט א קוק טאָן, וואָס דאָס איז. שטעלט זיך ארויס, אז דער ישוב הייסט פּרייסיש איילאו און אז אין יענער שטוב האָט נאפּאָלעאָן איבערגענעכטיקט ...

צוריקצוועגס שפּאנט מען איבער א שיינעם לאנדשאפט איבער א לאנד, וואָס היטלערס משוגעת האָט חרוב געמאכט. און טאקע, איבעראל חרובע הייזער, קברים, אָקאָפּעס, פארוואָרלאָזטע פעלדער, פארברענטע וועלדער, גריבער, ערד־שטיבלעך, פארכמורעטע דייטשן. מע קומט צוריק „אהיים“ קיין נויקירען, א דאָרף פון צוויי טויזנט נפשות, אספאלטירט, עלעקטרע, א גרויסע שולע, אָבער אָן א קלויסטער. די איינוואוינערס געהערן צו עטלעכע קריסטלעכע קאָנפעסיעס און זיי רעדן דיאלעקט. און יואל הערט אמאָל ווי א קינד וואָס זעט אים דורכ־גיין, שרייט צו דער מוטער: „מוטי, דא קומט דא אָנקל, דער גוט דייטש, ספּריקט

אָט איז סוף אויגוסט, די קומענדיקע צען יאָרגענג ווערן אויסגעטיילט אין באַזונדערע אייגנסן. זיי גייען אויף פעלדאַרבעט. יואל איז אויך צווישן זיי, ער זוייסט ניִשט וויאַזוי מע קאָסיעט היי, כאָטש קאָסעם האָט ער געזען אסך ביים טאַטן אין קלייט. ער דערמאָנט זיך אפילו אַזאַ וויץ וועגן אַ באַרימטן רייכן פּויער, אַ קאַרגער און אַ ... גנב.

אין שטעטל פלעגט מען זיך וויצלען: „ווער ווייסט וויאַזוי קאָסטאַקע גנב פּרואווט אַ קאָסע?" אויב מע ענטפערט: „ניין", באַקומט מען אַזאַ אינפאָרמאַציע. קודם בלאָזט ער אויף דער מיט קאָסע, כּדי צו זען ווי גוט עס איז דאָס שטאָל; דערנאָך פּרואווט ער ווי שאַרף זי איז, דורך איבערשניידן אַ האָר, וואָס ער רייסט זיך אַרויס פון דער באָרד; דערנאָך פּרואווט ער ווי שטאַרק די קאָסע איז, דורכ-דעם וואָס ער לאָזט אויף איר די גאַנצע שווערקייט פון זיין מאַסיוון גוף; דערנאָך פּרואווט ער, צי דאָס הענטל איז גוט צוגעשווייסט צום גוף פון דער קאָסע; דער-נאָך פּרואווט ער ... צו באַהאַלטן די קאָסע אונטער זיין ברייטן מאַנטל". יואל שמייכלט, אָבער ער ווייסט נאָך אַלץ ניִשט וויאַזוי מע קאָסיעט היי. ווער ראַטע-וועט? גאַנץ פּשוט, אַ מאַיאָר, אין דער היים אַ פאַבריק אַרבעטער, וועלכער פירט אָפּט שמועסן מיר יואלן, בעט אים, אַז יואל זאָל אים לאָזן גיין קאָסיען אָנשטאָט אים. עס בענקט זיך אים נאָך פעלדאַרבעט, ווייל ער שטאַמט פון אַ דאָרף. יואל איז מסכּים. זינט עטלעכע וואָכן זעען זיי זיך צוויי מאָל אַ וואָך; דער מאַיאָר לערנט ביי אים געאָגראַפיע; ער איז בּיכלל זייער אינטערעסירט אין אַלערליי וויסנשאַפטלעכע קענטעניש. יואל קומט אַריין, גריסט מיליטעריש; דער מאַיאָר זאָגט אים, אַז ער איז ביי אים אַ גאַסט. און אַ שעה צוויי גייט אַ שמועס וועגן יואלס איינדרוקן פון זיינע נסיעות, וועגן לענדער און פעלקער. עס איז באמת דירנדיק די האַרציקע וויסנדאָרשטיקייט פון אָט דעם מיטליאָריקן אָפיציר צוליב דער מילחמה.

אַ טאָג שפּעטער רופט מען אים און מע פרעגט אים: „רייטן קענסטו?". ענטפערט יואל, אַז ער האָט געדינט אין דער אַרטילעריע מיט פערד, נאָר אַז ער האָט שוין פון לאַנג ניִשט געריטן, זאָגט אים דער אָפיציר, אַז מאָרגן וועלן זיי אַרויספאָרן אין דרייען רייטנדיק.

אינדערפרי ברענגט מען דריי פערד אָן זאָטלען; דער אָפיציר און זיין באַג-לייטער כאַפּן זיך אַרויף אויף די פערד און יואל דערמאָנט זיך אין די יונגע יאָרן און ... ער איז אויפן פערד. רייטן אָן אַ זאָטל, נאָר מיט אַ דעק אונטער זיך און, דער עיקר, אָן דעם טרעפּל פאַר די שיך איז אים פריקרע; מע מוז אָבער האַלטן „שטאַט", לאָזט מען זיך אין וועג. יענע פאָרן נאָרמאַל, נאָר יואל פילט ווי יעדער טריט טוט אים אַ טרעסע, אַז די געדערים טאַנצן אין אים. מע פאָרט

אין א געדיכטן וואלד און ערשט אין א צייט ארום באמערקן די צוויי אז ער איז ארונטערגעבליבן. זיי פארשטייען דעם עסק און מע זאָגט אים, אז אויב ער וויל, מעג ער אהיימגיין צופוס, זיי וועלן מיטנעמען דאָס פערד מיט זיך. יואל שעמט זיך, אָבער ער האָט נישט קיין ברירה. קריכט ער אראָפּ פונעם פערד, ער קען זיך קוים האלטן אויף די פיס, ווייל ער האָט זיך אָנגעשלאָגן דאָס זיצפלייש און אָנגעריבן דעם פערדס פלייצע.

עס טוט אים ווי יעדעם אבר. צוביסלעך וועט ער זיך, אהיימשלעפּן און זיך טראכטן: „א מיצווה אויף דיר! לויב דיך נישט מיט וואָס דו קענסט נישט!“

דאָ אין נויקורען, ביים באלטישן ים, איז דאָס וועטער ווי יואלס שטימונג. קאלט, נעפּלדיק דעפּרימירנדיק; אפילו איצט, אין אויגוסט, איז דאָס ים וואסער קאלט, מע קען זיך נישט באָדן. ער טאפּט דאָס וואסער מיטן נאקעטן פוס און פילט דעם טעם פון טבילה ווינטער-צייט אין דער קליינשטעטלדיקער מיקוה. ער שפּאצירט לענגוים דעם ברעג אין רעגן איינגעהילט אין א פישער-מאנטל, וואָס ער האָט אָפּגעקויפט פאר עטלעכע ישאכטלעך פלייש-קאָנסערוון. ער קוקט אויפן טרויעריקן ים, אשיק, נעפּלדיק, און אפילו נישט שטורמיש. ער טראכט, אז עטלעכע הונדערט קילאָמעטער ווייטער „דא דריבן“ ווי די אָרטיקע זאָגן, ליגט סקאנדינאַוויע; אים גליסט זיך אָבער קיין דרום, אהיים קיין רומעניע.

דערווייל זיצט ער נישט אָן ארבעט. אָט ווערט מען געוואוירע דורך שמועסן מיט דער באפעלקערונג, אז ערגעץ ליגן באהאלטן וואָפן (?), עסנווארג און ווער ווייסט וואָס נאָך. אין א פארלאָזטן שטאל פון א חרובער שטוב. קלאָפּט מען אוים די ווענט, דעם בוידעם, דעם דיל און ... מע געפינט אַן אוצר. אונטערן מיסט, א טירל, וואָס פירט אין א מין קעלער, און דאָרט: רעוואָלווערן, אויטאָ-מאטן, א קוילנווארפער, אמוניציע; דערביי צענדליקער באנקעס קאָנסערוון, ווײַן, ליקער, א קליינע אפּטייק. עס איז קלאָר: מע האָט צוגעגרייט א באהעלטעניש פאר סאבאָטאזש. אין שטאב איז מען צופרידן מיט אזא געפינס; פירט מען איבער די מציאה און מע טוט צואווישן וואו מע דארף.

אין א וואָך ארום רופט מען יואלן ארוים אין שטאב פון דער דיוויזיע. עס איז געקומען עמעצער פון „אויוון“ און געבראכט א באלוינונג. זיין קאפּיטאן, דער שליח, א קאָלאָנעל, נאָך צוויי דריי אָפיצירן ווארטן אויף אים אין א צימער. ער קומט אריין, גריסט מיליטעריש. דער קאָלאָנעל גיט אים די האנט, גראטולירט, שפּיליעט אים אָן דעם אָרדן „רויטער שטערן“. אלע גראטולירן. דערנאָך עפנט מען א פלאש וואָדקע און מע גיסט אָן גרויסע גלעזער. מע פארבעט יואלן צו טרינקען דער ערשטער; אלע ליידיקן אוים די גלעזער אין איין אָטעם; יואל קען נישט ארונטערבלייבן. טוט ער דאָס זעלבע. אין איין רגע בלייבט ער אָן אָטעם;

ער האָט געשלונגען פייער; ער פאַרטרינקט מיט א גלאָז וואַסער און פאַרבייסט מיט קאָלבאַס. דער אָפיציר זאָגט צו אים: „איצט ביסטו אַן אמתע רוסישע נשמה". יואל: „דערלויבט, איך בין א ייד פון רומעניע". מאַכט דער אָפיציר: „איצט זענען מיר אַלע איינס; דער קאַמף קעגן היטלערן האָט אונדז פאַרברידערט". מע ווייזט אים די פלעשער ווייַן פון דעם געפינס; ער לייענט די עטיקעטעס פון באַרימטע פראַנצויזישער ווייַנען און ער זאָגט זיי שמייכלענדיק: אַבי אָט די פלעשער, זענען צוריקגעקומען אין לאַגער פון די אַליאירטע" מע גיט יואלן אָנצוהערן, אַז אינגיכן קען זייַן יאָרגאַנג דעמאָביליזירט ווערן. לעבט ער שוין ווידער מיט ביטחון.

עס זענען אָבער אַוועק מער פון צוויי חדשים ביז עס איז באמת געקומען די צייט פון אַהיימפאָרן. וואָרן, ווען מע האָט יאָ אָנגעהויבן דעמאָביליזירן, האָט מען אַהיימגעשיקט לויט דעם קאַנט פון וואַנען מע איז געקומען; אייניקע האָבן געוואוינט ערגעץ אין ווייטע געגענטן, וועלכע זענען לאַנגע ווינטער חדשים אָפּגעריסן פון דער דרויסנדיקער וועלט, האָט מען זיי אַהיימגעלאָזט פריער.

דערווייל טרייסט זיך יואל מיט באַקומען און שיקן בריוו צו דער פרוי, צו דער מאַמען. פון אייניקע בריוו האָט מען עגמת נפש. די צייט פון צעשיידונג, די שווערע איבערלעבענישן אין געטאָ, א שווערע קראַנקהייט זענען צומאָל גובר די טיפע קלוגשאַפט און פאַרשטענדעניש פון דער פרוי. צומאָל דאַכט זיך איר, אַז ער אייַלט זיך נישט אַהיימצוקומען, אַז ער טוט נישט דאָס מעגלעכסטע זי ווידערצוזען (גיי זיי א נביא און ווייס, אַז זי איז שווער קראַנק אויפן האַרץ און אַז זי האָט מורא, זי וועט מער נישט דערלעבן אים ווידערצוזען!). ער שרייבט באַרויִקנדיקע בריוו, מאָנט געדולד און צוטרוי. אין א בריוו שרייבט ער איר: „איך פריי מיך, וואָס דו קוויקסט דיך מיט שטיינבאַרגן. די יידישע קלאַסיק באַשעפטיקט מיך זייער אַצינד. איך פּרוּוו זיי איבערצושעצן אין ליכט פונעם געשעענעם און איבערגעלעבטן אין די מילחמה יאָרן. איי, וויפיל לעבנס-חכמה מע קען לערנען ביי מענדעלען, ביי שלום עליכמען, ביי פרצן און ביי שטיינבאַרגן ..."

„דו שרייבסט מיר, אַז ראָמען ראָלאַן איז געשטאָרבן; אָבער פראַנקרייך לעבט. איז טרויעריק, וואָס אַזא דיכטער ווי וואַלערי האָט נישט געהאַט גענוג מוט זיך צו האַלטן ווייט פון די ווישי-לייט. מע וועט מוזן רעווידירן די מיינונג וועגן אַסך שרייבערס פון צווישן ביידע מילחמות ..."

כדי צו פאַרטרייבן די אומגעדולד לייענט יואל, וואָס עס קומט אים אונטער דעם האַנט. די מעמוארן פונעם טענאָר לעאָ סלעזאַק זענען לייכט, שפּאַסיק, היימיש. גאָטפריד קעלערס ראָמאַנען דערמאָנען אים אין דער פּראָזע פון יאַן סלאַוויטש, אָבער מיט מער הומאָר און אייניקער מוסר-זאָגן. ער פאַרשרייבט

אין זיין טאָגבוך: „איך געניס די גרויע שיינקייט פונעם באַלטישן ים, ווייל דאָס וועטער איז שיין; די היגע דייטשן רופן עס „אַלטווייבערזומער“. דערמיט שטופּ איך מיך דורך צווישן דעם שטעכלדראָט-פּלויט פון דער ווירקלעכקייט ...“

אין אָקטאָבער שרייבט ער צו דער פרוי: „טייערע מיינע. היינט צו מיין 39סטן געבוירן טאָג האָב איך באַקומען די שענסטע מתנה, דריי בריוו אויפאַמאָל פון דיר. איך וואַרט אויף זיי זינט 6 וואָכן ... איך קען מיר נישט פאָרשטעלן ווי ס וועט אויסזען דאָס ציווילע לעבן. עס וועט זיין שווער זיך אָפּצוגעוויינען פון די מיליטערישע קליידער“.

פּלוצים אין אַ נאָכמיטאָג: אַלאַרם! גיך, גיך, מאָרגן שיקט מען אַהיים די עלטערע יאָרגענגן; יואל איז צווישן זיי. מע פירט באָדן; מע גיט יעדן נייע שיך און קליידונג און צוויי פּאָרלעך וועש, אויך אַביסל צוקער, מעל, פעטס; טאָמער פעלט אינדערהיים. מע צאָלט יעדן אויס נאָכאַמאָל דעם לוין פאַר דער גאַנצער דינסט-צייט און מע דערלאַנגט מעדאַלן און אָרדנס. מע גייט שלאָפן, ווייל גאַנץ קאַיאָר פאָרט מען אָפּ צו אַ ווייטער כטאַנציע, וואו עס וואַרט אַ לאַנגער צוג מיט גרויסע לאַסט-וואַגאָנעס. שלאָפן? ווער קען שלאָפן אין אַזאַ נאַכט? ערשט פאַרטאָג, אַז מע כאַפּט אַ דרימל, ווערט מען אויפגעוועקט: „פּאַדיאָם!“ די אויטאָס וואַרטן. אָפּגעוואַשן, אָנגעטאָן, געגעסן אַביסל קאַשע מיט טיי און ... האידאַ! פאַר איילעניש פאַרגעסט מען זיך צו פרייען, צו געזעגענען זיך, צו בענקען נאָך יאָרן שווערע, נאָך די פראָנט-סכנות. מע שלעפּט די פּעק, מע לאָדט זיך אָן אין די מאַשינען און .. עס לויפט פאַרביי דער פּייסאַזש. יואל וועט אַביסל שפּעטער פאַרצייכענען אַזאַ ליד:

גערזעגעניש!

האַרבסטיקע וועגן אויף פראָנטישער ערד / חרובע דערפער, סקעלעטן פון פערד / גאָלדענע קרוינען, זילבערנער שטאַם / שלאַנקע בעריאָזעס ביים באַלטישן ים /

בלאָקהייזער-קברים, גאַסן-קוליסן / איינגעוואָוינערס-שאָטנס: פאַלש און פאַרביסן.

כ'פאַרלאָז מיט שווערן האַרץ די טויטע ברידער / זיי וועלן קיינמאָל מער ניט שמייכלען ווידער / די ערד לויפט אונטער מיינע פיס אַוועק. / פאַרצי דיין פירהאַנג, אויג! אַ סוף, אַן עק“.

אויפן צעשטערטן וואָקזאַל שטעלט מען זיך אויס לויט געגענטן. די אמאָליקע גאַליציע, צפון-בוקאָווינע, צפון באַסאַראַביע פאָרן אינאיינעם. מע שטופּט זיך צום וואַגאָן. און דאָ טרעפט מען חברים און באַקאַנטע מיט וועלכע מע האָט זיך נישט געזען קנאַפּע פיר מיט אַ האַלב יאָר. גיי ווייס, אַז מע האָט געהערט

צום זעלבן פראָנט, אפשר צו דערזעלבער דיוויזיע. דערוויל איילט מען זיך צו פארכאפּן א פּלאַץ איינער לעבן דעם צווייטן. באלד ווערט באשטימט א פאראנטוואָרטלעכער פאר יעדן וואגאָן ,מע וועט אויך דעזשורעווען.

דער וועג אהיים וועט געדויערן צען טעג. מע וועט האָבן צייט זיך צו דערציילן נסים ונפלאות פון איבער 50 חדשים מילחמה און ארבעט. צוויי מאָל א טאָג קאָכט מען זיך אליין עסן פון דעם „טרוקענעם פּאיאָק“, וואָס מע האָט באַקומען; איינמאָל א טאָג באקומט מען א גוטן מאָלצייט אויף וואָקזאל, וואו עס ארבעט א ספּעציעלע קיך. יואלן געדענקט זיך נאָר געציילטע סטאנציעס: בריסק דליטא, צוליב דעם שלום פון 1918, לעמבעריק, טארנאָפּאָל. טעג און נעכט, פרייד און טרויער, זיכרונות און פּלענער. יענע ,וואָס האָבן גוטע ידיעות פון זייערע מישפּחות פילן זיך ווי שולדיק לגבי די גאליציאנער חברים, וועלכע פאָרן צו א הלל. דאָסזעלבע געפיל האָבן לגבי די שווער געטראָפענע, יענע וואָס האָבן פארלוירן ווייניק ברידער, שוועסטער, קינדער.

יּמועכט מען וועגן דייטשן, וועגן זייער געפאלנקייט אלס באזיגטע, גאָרנישט פון דער „הערן-ראסע“, וואָס האָט באשפיגן א וועלט: זיי האָבן זיך געמסרט איינער דעם צווייטן, געוועזן קנעכטיש לגבי יעדן זיגער ... וואָס וועט זיין מיט זיי אין די קומענדיקע יאָרצענדליק? מע קען דאָך נישט אויכמעקן פון אייראָפּע א פאָלק פון 70 מיליאָן! מיר האָבן דאָך באגעגנט אין דאָרף פערטעלקאמען, דער מקור פון בורשטין, א דייטש, וואָס איז געווען פארשיקט אין א קאָנצענטראציע-לאגער, ווייל ער האָט נישט געוואָלט אָפּגטן זיין יידישע פרוי. פון אזוינע היכע טעמעס און זאָרגען פארן גורל פון דער וועלט גייט מען איבער צו וואָכעדיקייטן, מע ציילט געלד, מע סאָרטירט זאכן, מע מאכט חשבונות. א קליין פּויליש יידל שלעפּט זיך מיט א שווערן זאק. שפּעטער וועט ער צוגעבן, אז ער האָט דאָרט טיילן פון זייגערלעך. דאָס לעבן מאָנט זיינס; מע מוז טראכטן צו פרנסה אויכעט. א צווייטער גייט אראָפּ אין טארנאָפּאָל ווייל דער צוג בלייבט עטלעכע שעה און ער קומט צוריק וויינענדיק: „עס איז קיינער נישטאָ!“ נעמט מען אים מיט זיך צו א נייער היים. איצט זענען זיינע חברים זיין מישפּחה. דער צוג פאָרט ווייטער א גאנצע נאכט און קאיאָר פאָרט מען אריבער די ברוק איבערן פּרוט. ווען יואל דערזעט דעם היימישן וואָקזאל ציטערט ער ווי א פיש.

אָנגעקומען. מע שלעפּט אראָפּ די פּעקלעך, מע לאָדט זיי אָן אויף א וויי־געלע און מע לאָזט זיך פאָרן. ווען יואל עפנט די טיר פון דער מאמעס דירה, פילט ער, אז ער עפנט די טיר פון א נייער תקופה. די טיר צו די געשענקטע יאָרן.

א טאָג צוויי פרייט ער זיך מיט דער מאמען. מיט די שוועסטער. דערנאָך גייט ער זיך פארשרייבן ווייטערצופאָרן צו דער פרוי, וועלכע איז אינצווישן איבערגעפאָרן צו איר מישפחה. אין עטלעכע טעג ארום וועט זיך שליסן א תקופה.

איצט מוז מען אָנהייבן פונדאָסניי אויפבויען א פאמיליען-לעבן. און נישט נאָר דאָס, נאָר אויך א נייע געזעלשאפט. אָבער דאָ ענדיקט זיך מיר פאָדעם. נישטאָ דערווייל קיין כוח נאָכצוגיין יואלס ראנגלענישן זיך ארייננצולעבן אין שלום.

ווייל, ווי מע זעט, עס האָט אויסגעבראָכן דער שלום. שלום עליכם דיר, שלום!

# א יתום

דער „העלד" פון מיין דערציילונג האָט טאַקע געהייסן שמשון, אָבער ער האָט גאָר ווייניק געסאַמעוועט מיטן באַרימטן שמשון הגיבור פונעם תנ״ך. ערשטנס, איז ער געווען קוים, קוים שיר נישט מיטלוויקסיק, דערביי שוואַך און מאָגער פון קליינערהייט אָן. קיין גרויסער אויפטוער איז ער קיינמאָל נישט געוואָרן און צו קיין „תמות נפשי עם פלישתים" איז עס קיין מאָל נישט דערגאַנגען. זיין נישט-יידיש ווייב איז נישט געווען קיין דלילה, נאָר, פאַרקערט, זי האָט אים געהאַלטן בכבוד, אים באַזאָרגט, געקאָכט יידישע מאכלים. און געבאַקן לאַטקעס, קנישעס, המן-טאַשן, אפילו קוגלען „על פי דין". נאָר, לאָמיר נישט כאַפּן די נעץ פֿאַר די פיש און דערציילן לויטן סדר.

שמשונס טאַטע, וועלוול, איז געווען פאַרשריבן אין די „פּאַפּירן" לופּו דאַסקאַל. פרנסה האָט מען געזאָלט ציען פון דער שמשות אין קליינשטעטלדיקן שניידערישן שילעכל. וועגן דעם נאָמען פונעם שטעטל איז אַרומגעגאַנגען אַזאַ פּירוש: „פאַרוואָס הייסט דאָס שטעטל לעמפּעץ?". דער ענטפער איז געווען: „דערפאַר ווייל דער לעספּעצער רב וואוינט דאָרט". דאָס שטעטל איז געלעגן עטלעכע קילאָמעטער ווייט פון דער באַן, האָט מען דאָרט קיין גרויסע גליקן נישט געמאַכט און משמש אין אַ שניידעריש שילעכל איז קיין ראָטשילד נישט געווען. זיין גליק איז געווען, וואָס ער האָט (דערווייל?) געהאַט נאָר איין קינד, אַ יינגעלע, און אויב מע האָ אים געפרעגט וויפל קינדער ער האָט, איז זיין ענטפער געווען: פערצן, ווייל ער האָט געציילט די תלמידים זיינע. און ווען יענער האָט זיך פאַרוואונדערט :אַזוי פיל? האָט ער ער שטאָלץ געענטפערט: „און איך האָב נישט קיין צוהעלפער"!

ווען רומעניע איז אין אויגוסט 1916 אַריינגעטרעטן אין דער מלחמה, וואָס מע האָט שפּעטער אָנגערופן די ערשטע וועלט-מלחמה, מיטן צוועק צונויפצוזאַמלען אין איין נאַציאָנאַלער מלוכה אַלע רומענער, האָט מען וועלוועלן נישט פאַרשעמט, און אים פאַרבעטן, מחילה, צו ווערן אַ מיטקעמפער. האָט ער גענומען דאָס קליינע הילצערנע רענצל, מיט וועלעכן ער האָט אַמאָל געטרייגעדינט אין מיליטער, און געגאַנגען אָנלערנען דעם שונא. ווי זאָגט דאָס לידל: „ווייב און קינד לאָזט מען שטיין / אַז מע רופט, מוז מען גיין!".

אינדערהיים האָט ער איבערגעלאָזט אויף גאָטס באַראָט, דאָס ווייבל, וואָס האָט געקענט אַביסל שניידעריי און אַ בן יחידל, אונדזער שמשון.

מע האָט זיך געפּלאָגט, אַזוי ווי דער גרעסטער טייל פון די איינוואוינערס, אָבער מע האָט געהאט בטחון. דער בטחון האָט אָבער אָפּגענאַרט. וועלוול איז געפאַלן אין די באַרימטע געוואָרענע שווערע קאַמפן ביי מאַראַשעשט, איינעם מיט צענדליקער טויזנטער רומענישע סאָלדאַטן און מע האָט קיינמאָל נישט געקענט דערגיין וואו און ווי זיין געביין איז פאַרפאַלן געוואָרן.

שרה, דאָס ווייבל, האָט פון דער מאָגערער פּענסיע פון א מלחמה-אלמנה נישט געקענט אויסקומען. האָט זי געאַרבעט וואו און ווי עס האָט זיך נאָר גע־לאָזט: געשניידערט, געוואַשן, גערייניקט, געפליקט פעדערן און... אַביסל אונ־טערגעהונגערט. מע האָט זי געלאָזט וואוינען אין א שטיבל לעבן דער שיל. דאָס יינגל האָט געהאט א גוט קעפּל און אַסך געלערנט פונעם אונטערהערן זיך. ער האָט געלערנט אין דער שטעטלדיקער איזראַעליטיש-רומענישער שולע און ... אין תלמוד תורה. האָט ער געקענט לייענען, שרייבן רומעניש, רעכענען, און ... חומש מיט רש״י היות ער איז געווען א יתום האָט ער פאַרפריט די בר־מצווה און זיך געציילט צו א מנין.

נאָכן פאַרענדיקן די פאָלקסשולע האָט ער עטלעכע יאָר זיך געוואַלגערט ביי עטלעכע מייסטערס, וועלכע האָבן אים געלערנט אַלצדינג, חוץ די מלאָכה. די מאַמע איז שוואַכער געוואָרן, קיין אַרבעט האָבן די שטעטלדיקע בעלי-מלאָ־כות נישט געהאט, האָט ער אויף זיי „אויסגעשפּיגן א קלעק“ און געגאַן אַרבעטן אין מיל, דריי קילאָמעטער פונעם שטעטל, נישט ווייט פונעם וואָקזאַלעכל, אויף דער זייטיקער באַן-ליניע קיין פאָלטיטשען. קיין גיבור איז ער נישט געווען; אָבער ער האָט געטאָן אַלץ, וואָס ער האָט געקענט, געאַרבעט וואו מע האָט אים געשטעלט, זיך צוגעקוקט צו דער מעכאַניק פון דער מיל און ... געפּלאָגט.

צוביסלעך איז ער אונטערגעוואַקסן און היות ער איז געווען א בן יחיד, דער איינציקער שטיץ פון א מאַמע, אַן אלמנה, האָט ער געזאָלט באַפרייט זיין פון דינען אין מיליטער. טוט אים אָבער דער גורל אָפּ א מיאוס שפּיצל און די האַרציקע מאַמע טוט א שטאַרב אַוועק ערב דער רעקרוטירונג ... איצט איז דער טאָפּלטער יתום ראוי צו ווערן א געוויינטלעכער סאָלדאַט. גייט טאַקע שמשון אַוועק דינען אויף גאַנצע צוויי יאָר.

כמעט יעדער סאָלדאַט האָט געהאט עלטערן, א כלה צי א ווייב, קרובים, וואָס שיקן אַמאָל א פּעקל, א בריוול. ער האָט נישט קיינעם. ער לייענט און שרייבט צומאָל בריוו, זענען עס נישט זיינע בריוו, נאָר יענעמס. סאָלדאַטן, וואָס קענען שוואַך לייענען און שרייבן קומען אָן צו זיין וואוילקענעוודיקייט. גיט מען אים א ציגאַר, עפּעס פון א פּעקל, וואָס מע באַקומט פון דער היים און, אפילו, א גוט וואָרט. דאָס העלפט אים אויסצוואַרטן ביז יידישע ימים-טובים, ווען די קהלה

פועלט אוים ביים קאַלאַנעל, אז מע זאָל לאָזן קומען אין שיל און אין שטאָט די יידישע סאָלדאטן. זענען זיי אורחים ביי די אָרטיקע יידן; פילט מען זיך צווישן היימישע.

שמשון איז אהיימגעקומען אין שטעטל אן אויסגעדינטער און זיך נישט געקענט געפינען קיין אָרט. אין מיליטער האָט ער אויסגעלערנט אביסל מעכאניקע. האָט ער זיך דערמאָנט אין זיין קאַלאַנעל. יענער האָט אים געהאט צוגעזאָגט ארבעט אויף די הונדערט העקטאר ערד, וואָס זענען אים געבליבן נאָך דער אגראר-רעפאָרמע פון נאָך דער ערשטער וועלט-מלחמה. האָט ער אים אָנגעשריבן אן אונטערטעניקן בריוו און מע האָט אים געענטפערט, אז ער זאָל ארייננפאָרן אין דאָרף באָורען און זיך ווענדן צום אדמיניסטראטאָר פאנפיל.

שמשון האָט לאנג נישט געטראכט און גענומען זיין ביסל האָב-און-גוטס און ארייננגעפאָרן אין דאָרף. פאנפיל האָט א קוק געטאָן מיט חוזק אויף דעם מאָגערן יידל אָבער דאָך האָט ער אים אויפגענומען. אין עטלעכע וואָכן האָט שמשון באוויזן זיינע מעלות. דעמלט האָט אים פאמפיל געהייסן ארבעטן ביי דער דרעש-מאשין, כדי אויסצולערנען די ארבעט, אז, מע זאָל נישט זיין „ פאר־קויפט" צו דעם דייטשן מעכאניקער, וועלעכער האָט ליב געהאט דעם ביטערן „טראָפן". שמשון האָט מיט דעם מעכאניקער גערעדט „דייטש" דאָס הייסט יידיש מיט פאסעכן, און געוואנגען זיין צוטרוי, אזוי אז יענער האָט אים געוויזן וויאזוי מע פירט אזא מאשינדל ... דער אדמיניסטראטער איז צופרידן מיט שמשונען, ווייל ער שיכורט נישט, ער שלאָגט זיך נישט, ער זידלט זיך נישט, ער פעלט נישט פון דער ארבעט און, בכלל, פעלן אים, שמשונען אסך געונגלעכע פעלערם ... (א חסרון, די כלה איז צו שיין!).

שמשון איז טאקע נישט קיין „גולאָן", ווי מע רופט אין מאָלדעווישן יידיש א צעבאלעוועטן יונג, ער יאָגט זיך נישט נאָכן „שיינעם מין", אָבער „א מענטש איז נישט פון קיין אייזן". איז, אָט ווערט ער א נאָענטער „שמעלקע" מיט א יונגער־מעלקערן, אויך א טאָפּלטע יתומה, וועמען די ווייטע קרובים פונעם דאָרף העלפן נאָר מיט עצות און שטדאָפרייד.

א וואָרט אהין, א וואָרט אהער, שמשון האָט טאקע נישט חתונה געהאט מיט מאריאן, דער מעלקערן, אָבער דער טאטע פון א מיידעלע איז ער פאָרט געוואָרן. אין דאָרף זענען „אומגעזעצלעכע" קינדער נישט קיין נאָווינע. פריער, שפעטער האָט דאָס פאָרל -תחונה לויטן געזעץ.

אגב, אין יענע יאָרן חתונה האָבן מיט שמשונען איז געווען א זייער קאָמ־פליצירטער ענין. האָט מען געוואוינט אזוי זיך און געוואַרט אויף בעסערע צייטן. אינצווישן איז אויסגעבראָכן די צווייטע וועלט-מלחמה און עס האָבן זיך־

אָנגעהויבן שיטן גזירות] אויף יידן. שמשון האָט געמוזט פאַרלאָזן דאָס דאָרף און זיך באַזעצן אין שטאָט. היות דאָס קינד איז געווען פאַרשריבן אויף דער מאַמעס נאָמען האָבן עס די ראַסיסטישע געזעצן נישט געטראָפן.

מאַריאַ איז, פאַרשטייט זיך, געבליבן ווינען און אַרבעטן אין דאָרף און שמשון האָט מיטגעמאַכט דעם יידישן גורל פון יענע צייטן: צוואַנג-אַרבעט, נויט, דערנידערונגען און... בטחון.

איז געקומען דער באַרימטער טאָג פון 23 אויגוסט 1944, ווען רומעניע האָט „אויסגעדרייט דעם דישל" און געקעמפט קעגן היטלער-דייטשלאַנד. מע איז באַפרייט געוואָרן פון די אַרבעט-לאַגערן און געוואָרן פרייע מענטשן, מיט ליטן גלייך. איצט איז מער נישט געווען קיין שטער חתונה צו האָבן מיט מאַריאַן; פאַרקערט, אַזעלכע חתונות זענען געוואָרן אַ וואָכעדיקער גאַנג, אַפילו פאַר יידן, וועלכע זענען צוריקגעקומען פון דערפאָרטאַציע, דער עיקר אין טראַנסילוואַניע.

שמשון האָט פון קיין „פּראָבלעמעס" נישט געוואוסט. ער האָט אַרויסגענומען פון דעם דאָרף מאַריאַן מיטן קינד. מע האָט באַקומען אַ דירה, עק שטאָט, מיט אַ גאָרטן, אַ שטאַל פאַר דער קו, וואָס זי האָט מיטגעבראַכט פונעם דאָרף; מע האָט געהאָדעוועט אַביסל עופות און ער האָט געאַרבעט אין דער שטאָטישער וואַסער-פאַרזאָרגונג. דאָס קינד איז געגאַנגען אין שולע און גוט געלערנט. מיט דער צייט האָט דער דאָרפישער אָפּגעטרעטן דעם שטאָטישן שטייגער און מאַריאַ האָט געאַרבעט אין אַ שפּיטאָל. ביידע האָבן געטרוימט צו דער פּענסיע, וואָס מע וועט באַקומען אויף די עלטערע יאָרן... ווייל, ווי האָט אַמאָל געקענט טראַכטן אַ פּויער צי אַ ייד אַז ער וועט אַמאָל באַקומען אַ פּענסיע. אַזוי זענען פאַרגאַנגען טעג און יאָרן.

כל זמן ער האָט געלעבט אין דאָרף האָט שמשון ווי פאַרגעסן אין „יידישקייט". ער פלעגט קומען אין שטאָט נאָר אויף ראָש השנה און יום-כיפּור און דעמלט באַצאָלט דעם רבונו של עולם פאַר אַ גאַנץ יאָר זינדיקן. מלחמה-צייט, אינאיינעם מיט אַזויפיל יידן, האָט ער זיך דערמאָנט אין די קינדער-יאָרן. איצט, אין שטאָט, האָט ער דערפילט די ימים-טובים, האָט ער גענומען האַלטן די יאָרצייט פון טאַטע-מאַמע, זיך אַמאָל אַריינגעכאַפּט אין אַ שיל און זיך געפילט היימישער... מאַריאַ האָט גוטמוטיק און מיט פאַרשטענדעניש באַנומען איר מאַנס איצטיקע פירונג.

נאָכן פּענסיאָנירן זיך האָט מען אַסך צייט. וואָס טוט מען דערמיט? אַמאָל רופט מען שמשונען עפּעס פאַרריכטן, אַמאָל גייט ער צוריק צו דער אַרבעט, כדי צו פאַרטרעטן אַן אַרבעטער, וואָס איז קראַנק אָדער אין וואַקאַנץ. יעדער שעצט

זיין ערנסטקייט זיין שטילקייט, זיין ערלעכקייט. מע הערט אוים מיט פארגעניגן אָדער מיט א שמייכל, דאָס וואָס ער דערציילט פון זיינע קינדער־יאָרן, פונעם חדר, פון דער מאמען, פון דעם חזן, פון וועלכן ער האָט גענאשט אזויפיל נגונים, וואָס ער זינגט איצט מיט שטילן ברען און ווייניק מוזיקאַלישקייט. ער פארגעסט נישט צו לויבן דאָס ווייב, איר געטריישאפט, איר בריהשאפט, אירע געשמאקע מאכלים...

די צייט שטייט נישט אויף אן אָרט. וואָס ווייטער שמשון ווערט פון זיינע קינדער־יאָרן, אַלץ נעענטער ווערן זיי אים אין דער נשמה. זינט א צייט קומט ער אין שיל ערב שבת און שבת. און אוודאי יעדן יום טוב. דאָס ווייב שמייכלט אויף זיין פּלוצימדיקער פרומקייט און זי מאכט צו אים: „איך בין זיכער, אז דער הייליקער פּעטרו ווארט אויף דיר מיט די שליסלען פונעם גן־עדן". מאריא ווייסט נישט, אז אין יידישן גן־עדן אין דער הייליקער פּעטרוס א קנאפּער מחותן.

שמשון איז אָפּט א חשובער גאסט אין שיל, וואו עס פעלט צומאָל א צענטער צום מנין; קודם איז אים דאָס גיין אין שיל געווען אביסל פּריקרע. אזויפיל יאָרן איז ער דאָרט געווען א זעלטענער גאסט. מיט דער צייט האָט ער זיך צוגעוואוינט צו דער שיל ווי צום געדאנק, אז מע ווערט אלט און אז מע לעבט נישט אייביק...

עס זענען אוועק עטלעכע יאָר זינט שמשון איז מער נישט קיין גאסט אין שיל. אמאָל, ווען ער האָט געהאט יאָרצייט האָט עס אים „געצויגן צום ברעטל" איז ער צוגעגאן דאווענען מנחה־מעריב. ער האָט זיך אליין געוואונדערט ווי גוט ער האָט זיך דערמאָנט דעם מינדסטן קנייטש, אפילו די „עברי" האָט נאָך געקנאקט. זיי דאווענען נעמט מער אוים מיט דער כוונה איידער מיט נגינה.

מיט דער צייט האָט ער גענומען אריינקוקן אין חומש בעתן לייענען די תורה און ער האָט אפילו געטראכט צו קאנדידירן אויף מפטיר. מע ווייסט דאָך וויאזוי עס וואקסט דער יצר הרע. בכלל פילט זיך שמשון א נאָענטער שמעלקע מיט די ספרי תורה. זיין טלית האלט ער אין אָרון קודש. טאָמער פעלט אמאָל דער רב, זעצט ער זיך אויף זיין אָרט. עס איז נעענטער צום ארון קודש. טאָמער לייענט מען פון צוויי ספרים, איז שמשון דער, וואָס האלט דאָס ווארטנדיקע ספר.

שמשון ווערט א קענער אין לוח. ער זאָגט אָן דעם מולד, ער ווייסט וואָס פאר אן הפטרה מע זאָגט שבת ראָש חודש, וואָס פאר א יוצרות מע זאָגט יום כיפור קטן. די ברכות צו דער תורה מאכט ער אויף א קול, פרום און... מיט פעלערן, וואָס קיינער וויל אים נישט אויסבעסערן, כדי אים נישט צו פארשעמען. און מערקווירדיק. וואָס ווייניקער יידן עס פארבלייבן אין שטאָט פון יענע, וואָס האָבן אמאָל געלערנט אין חדר, אַלץ מער „ספּעציאַליסט" פילט זיך שמשון.

ער מאכט קידוש צום „תיקון“ אויף א יאָרצייט. ער וואָלט געבלאָזן שופר, דינט אים נישט דער אָטעם. עס טוט אים באנג, וואָס ער איז נישט קיין כהן, כדי צו דוכענען.

שמשון פארפעלט נישט קיין שום שלוש־סעודות. נישט צוליב דעם פרעס אָדער צוליב דער מצווה. ער וואַרט קוים, אז דער רב צי דער חזן זאָל אָפּזאָגן עפּעס אין שייכות מיט דער סדרה פון דער וואָך און תיכף קומט ער מיט זיינעם: א מעשה פונעם דאָרף, א וויץ, א גלייכווערטל. נישט תמיד איז דאָס שטיק פאָל־קלאָר פּאסיק פארן אָרט און פאר דער צייט פון דעמלט, אָבער דער עולם הערט אים אוים מיט א שמייכל און שמשון פרייט זיך. ווייל ער האָט געפונען אויסהע־רערס.

מיינט נישט, אז שמשון איז טאַקע געוואָרן פרום. ער עסט וויטער געשמאַק דעם ווייבס נישט זייער כשר געקעכץ, ארבעט נישט אום שבת און... זונטיק, כאָטש ער פאסט יעדן תענית און קושט פרום די מזוזה, טאקע נאָר ווי א „גוטער ייד“. עס גייט אים אוים דאָס חיות נאָך אן עליה און טאָמער פילט ער, אז מע וועט אים היינט נישט אויפרופן גייט ער אין א נאָענט שילעכל „ארויסצוהעלפן צום מנין:“ דאָרט כאַפּט ער אמאָל אריין א שלישי צי א ששי...

„אז וואויל איז דעם מלך וואָס באַגליקט אויף דער עלטער“ קלינגט א יידיש ווערטל אין דער מאָלדעווע. שמשון איז נישט קיין מלך, אפילו ביים סדר, נאָר איצט לעבט ער זיך רואיק, מיט א פענסיע, מיט א פארדינסטל און מיט כבוד צווישן מענטשן. די טאָכטער איז אן אינזשענירער און איר מאן איז אויך נישט קיין ייד, אָבער נחת פון קינדער פארשאפט זי די טאטע־מאמע. איז דאָס דער עיקר.

עמעצער לייענט איבער אָט די דערציילונג און מאכט צו מיר: „גזלן, דאָ איז דאך פאראן שטאָף פאר א ראָמאן און דו פּטרסט אים מיט א קורצער דער־ציילונג!“. „ביסט גערעכט, ענטפער איך אים, אָבער א ראָמאן דארף מען קענען שרייבן...“. „נו, און א דערציילונג דארף מען נישט קענען שרייבן?“, פרעגט ער צוריק:

דער ענטפער דארף קומען פונעם לייענער.

# דער אלטער מאַן און... דער באַכלוי

דאָס קעפּל פון אָט דעם בילד דערמאָנט אביסל אין ... העמינגוויי. גלייבט מיר אויפן וואָרט אז איך האָב נישט ברעה אים נאָכצוטון. ווייל צווישן אים און מיר איז פונקט אזא מהלך ווי צווישן דעם גרויסן ים און דאָס יאסער טייכל באַכלוי. סיידוי איז קיין שום פארגלייך נישט מעגלעך צווישן יענעם אלטן מאַן און מיין יאסער יידן, וועלעכער איז געבוירן מיטן היינטיקן יאָרהונדערט און איצט האָט ער אלערליי פּראָבלעמען מיטן אייניקל ליוויו (פון לוי), א סטודענט אויף מעדיצין. דער עיקר האָט מיין העלד מורא, אז דער אייניק זאָל זיך נישט משדך זיין מיט א נישט יידיש מיידל.

לייבל, אזוי הייסט מיין העלד, שפּאצירט איבערן איצטיקן קוואַרטאַל „רויטע בריק". וואָס? ווער? ווען? נישטאָ מער די באַרימטע, הילצערנע „רויטע בריק" איבער דעם בלאָטיקן וואסערל, וואָס פלעגט פסח-צייט פארפלייצן די ארומיקע ליימיקע געסלעך, דער באַכלוי, איצט זעט עס אויס נישט ווי די פאריזער סענע, אָבער דאָך ווי א פליסיק וואסער, צווישן גרינע ברעגעס. דער פירעקיקער פּלאַץ איז איינגערעמט אין פילשטאָקיקע בלאָקס. מע קוקט צו זיי ארויף ווי צו דער לבנה. לייבל וואוינט אין אזא טורעם אויפן דריטן שטאָק. וואָלט דאָך גוט געווען. באַקלאָגט ער זיך אָבער, אז ער שפּאצירט איבערן קוואַרטאַל א גאַנצע שעה און ער זעט נישט קיין באַקאַנט פּנים, וואָס זאָל אים זאָגן: „גוט שבת". ער געדענקט די קינדער-יאָרן, ווען די געסלעך האָבן געווימלט פון יידישע בעלי מלאכות, סוחרימלעך, טרעגערס, בעלי עגלות, פאבריק-ארבעטער, תלמוד תורה-תלמידים און לערניינגלעך, ווייבלעך און מיידלעך, יונג און אלט. שבת אינדערפרי האָט זיך דורכגעוואָרפן אפילו א שטריימל.

איצט זעט מען אמאָל ווינטערצייט שטריימלעך אפילו אין דער וואָכן עס. טראָגן זיי מיידלישע קעפּ. באַהויזנטע, באַשטיוולטע. זעט מען דאָך, אז נישט דאָס שטריימל איז דער עיקר. נאָר דער קאָפּ, וואָס טראָגט עס. דאָס אייגענע איז מיט דער באָרד. אמאָל פלעגט מען זינגען אין יידישן טעאטער: „ווי איידער א ייד אָן א באָרד / איז בעסער א באָרד אָן א ייד".

נאָר, דאָס לידל האָט שוין אויך א באָרד. אגב, איז איצט אין דער מאָדע צו טראָגן לאַנגע האָר און, צום גראַם לאַנגע וואָנסעס און בערד. באַטראַכט פון דער פּלייצע דערקענט מען א מיידל נאָר לויט די קלענערע שיך.

לייבל דערמאָנט זיך אפילו אין דעם ארבעטער-קלוב, וואו א דר. געלערטער, אָדער א חיים געלער פלעגן האלטן פייערדיקע סאָציאליסטישע דרשות און מע האָט אָרגאניזירט די ארבעטער. נאָך שענער איז געווען דעם ערשטן מאי אין דעם גאָרטן „פערזשאָיע", וואו עס פלעגן קומען ארבעטער מכל המינים און מע האָט געזונגען דעם „אינטערנאציאָנאל" מיט גרוים כוונה. שבת פלעגט מען אמאָל גיין אין דער „טוינבעהאלע" (די „טויבע האלע", ווי ווייבער פלעגן אָנרופן דעם זאל וואו מע האָט ווייניק פארשטאנען פון די דייטשמערישע דרשות.) דערפאר האָט מען זיך אָבער געלעקט די פינגער ווען מאָטי ראבינאוויטש האָט געלייענט שלום עליכם, ווען גראָפּער האָט געלייענט זיינע לידער און ווען ז. העלמאן האָט געזונגען אויף יידיש...

איך וואָלט אייך מער דערציילט וועגן דעם אמאָליקן יאס, ווייל איך נישט קאָנקורן מיין פריינד דר. משה העלד, זיין ביכל „פון דער רויטער בריק אין דער גרויסער וועלט" טוט עס בעסער פון מיר. אזוי זאָגט מיר לייבל, נאָכדעם, וואָס ער האָט עס איבערגעלייענט. ביי זיך טראכט ער אפשר: „ווען איך, לייבל, וואָלט מיך אוועקגעזעצט שרייבן..."

זינט לייבל איז געבליבן אן אלמן און דער „איניק" איז אונטערגעוואקסן, פילט ער זיך עלנט, כאָטש די קינדער פארלאָזן אים נישט. אָבער זיי האָבן זייער ארבעט, זייער באלעבאטעשאפט, זייער אייגענע זאָרגן און... צו ווייניק צייט. שפּאצירט ער איבער דער גאס און זעט ווי יונגע פּאָרלעך קושן זיך פראנק-און-פריי מיט גרוים כוונה. דערמאָנט עס אים אין וואוילינגערעשע ליבעס; מאכט ער צו זיך: „איי, נארישע יונגע יאָרן", און ער בענקט נאָך אָט די נא-רישע יאָרן.

לייבל איז נישט ווי אנדערע אין זיינע יאָרן. ער קרעכצט נישט נאָך אלע נישט-פאָרגעקומענע „אוואנטורעס". אים ארט עס ווייניק, וואָס ער איז צומאָל געווען א „קלאָץ", און נישט באמערקט די „ווינקען" וואָס מיידלעך און ווייבלעך האָבן אים צומאָל צוגעוואָרפן, אפשר מיט א מיין. אים טוט נישט באנג נאָך די „פארשפּילטע גליקן".

אין די יונגע יאָרן האָט לייבל ליב געהאט צו זיצן אין שמואלס „קאָפּענע", עסן א מארינירטן הערינג מיט ציבעלע, פארטרינקען מיט א טשייניק טיי און אויסהערן די מוזיק פון דעם גראמאפאָן מיט דער גרויסער „ליקע". „צי בין איך פון א שטיין געבוירן", „פּאפּירענע קינדער", יאָסעלע ראָזנבלאט און רומענישע ראָמאנסן. ער קוקט איצט מיט ביטול אויף די „טייפּ-רעקאָרדערס", וואָס מע רופט הי „קאסעטאָפאָן", וואו מע קען הערן וואָס מע וויל: מאריא טא-נאסע, יוסף עמידט, חזן סיראָטא און.. בעעטהאָווען. איצט איז ער זאט פון

קינאָ און טעלעוויזאָר און דער ווידעאָ ווערט אים אויך שוין היימיש. אַמאָל גייט ער איז דעם „נאַציאָנאַל-טעאַטער“, צי אין יידישן טעאַטער, ווען עס קומט פון בוקארעשט.

כדי די צייט צו פאַרטרייבן גייט ער אויף שמחות: בריתן, חתונות, בר מצוות, שלש סעודות און סתם קערמעשלעך. און ער דערמאָנט זיך ווי ער פלעגט אַמאָל טראַכטן מיט שרעק, אַז ער וועט אָפּקומען אויף די עלטערע יאָרן, ווען די כּוחות וועלן פאַרלאָזן. ווי האָט ער אַמאָל געקענט טראַכטן צו אַ פּענסיע!

איצט איז ער פאַרזאָרגט מיט אַ פּענסיע. זי מעג זיין גרעסער, אָבער, וואָס, מישטיינס געזאָגט, באַדאַרף האָבן אַ מענטש אין זיינע יאָרן. הלוואי וואָלט דאָס געזונט צוגעשפּילט, וואָלט געווען נישט צום ערגסטן. אַמאָל טראַכט ער אַז עס וואָלט גוט געווען צו זיין אַ יונגער מייסטער, אָדער כאָטש אין די מיטלערע יאָרן און ... זיך נישט איילן צום ... סוף. אוי, וויפיל ער האָט מיטגעמאַכט אין זיין לעבן!

בעתן פּויערים-אויפשטאַנד פון 1907 איז ער שוין געגאַן אין חדר. בעת דער באַלקאַנישער מלחמה פון 1913 האָט ער צום ערשטן מאָל מיטגעפּילט דעם טעם פון מלחמה. אין דער ערשטער וועלט-מלחמה איז ער שיר נישט געוואָרן אַ סאָלדאַט, ווייל מע האָט אין יאָר 1917 אָנגעהויבן רעקרוטירן די 17-יעריקע און ער איז נישט געווען ווייט פון זיי. די גורלדיקע יאָרן צווישן ביידע וועלט-מלחמות האָבן אים אויפגעטרייסלט, דערוועקט האָפענונגען און געבראַכט אַנטוישונגען, דער וואַקסנדיקער פאַשיזם און די יאָרן פון דער צווייטער וועלט מלחמה האָבן פאַרביטערט זיינע רייפע יאָרן.

אין אָנגעקומען דער באַפרייערישער 23 אויגוסט 1944, ווען רומעניע האָט „אויסגעדרייט דעם דישל“ און געקעמפט קעגן היטלערס אַרמייען. דערנאָך זענען געקומען די ברויזנדיקע יאָרן פון גרינטלעכע ענדערונגען, אַ שפּאָגל נייע תקופה, מיט אירע פּראָבלעמען און איבערלעבענישן, מיט אירע פריידן און זאָרגן.

ווען ער האָט קיינמאָל זיך נישט געוואונטשן, אַז די צייט זאָל שטיין אויף אָן אָרט, נאָר אַז זי זאָל גיין פאָרויס, אפילו לויפן. איצט גליסט זיך אים, אַז די צייט זאָל זיך אויף אַ רגע אַ דריי טון אויף צוריק. וואָלט מען ווידער געטאַנצט אויף אַרבעטער-בעלער, געפלירטעוועט מיט אַ מיידל, געמאַכט אַ כּוסע מיט גוטע ברידער, געטאָן אַ וואָיווע.

דערמאָנט עס אים אַז, איצט נאָך די זיבעציקער, „סקריפּעט דאָס מאַשינדל אַביסל אונטער“, אַז עס איז מער נישטאָ „דער כּוח פון אַמאָל“. די צייט הערט אים ווי דעם קאָטער, זי טוט זיך אירס, און ער זאָגט צו זיך אויף אַ טרייסט: „אַז מע קען נישט אַריבער, מוז מען אַרונטער“...

זיצן, זיי א בינטל פענסיאָנארן, אויף א באנק אין דעם גאָרטן, וואָס צווישן דעם ליפּאָוואנישן קלויסטער און דער נייער בריק, וואָס איז מער נישט רויט, נאָר ברייט, און מע באקלאָגט זיך, ווער אויפן געזונט, ווער אויף די קינדער, אויף די אייניקלעך, ווער אויף די שכנים צי אויף די חברים, ווער אויף וואָס עס לאָזט זיך („אבי מע לאָזט דעם רבונו של עולם נישט שלאָפן רואיק", וויצלט זיך איינער). עס איז נישט גוט, אז מע האלט ביי „געוויין" (געוועזן) און ,ג'אָט" (גע האָט) חכמעט זיך א צווייטער.

— אָן קיין „פארשטייסטו מיך", קיין גוטן טרונק בראָמפּן, קיין גוטן ביסן, קיין זים וויפל מע וויל, טויג דאָס גאנצע לעבן אויף כפּרות...

„פּאָלעק, מאכט צו אים לייבל, טו אוים די שווארצע ברילן, וועסטו דיך פרייען מיט דעם, וואָס דו גייסט אויף די אייגענע פים, וואָס דו קענסט דיך אליין באדינען; מע קען זיך פרייען אפילו מיט א טרונק וואסער און אביסל פרישע לופט, שוין אָפּגערעדט פון נחת פון קינדער און אייניקלעך...

„עס גלוסט זיך אים גיאנקען די אוראייניקלעך", פאלט אים איינער אריין אין די רייד.

„דו טרייסט דיך מיט חלשות-טראָפּן", קומט אונטער אן אנדערער. און עס ווערט א הייסע דעבאטע צווישן שווארצזעערם און העלזעערם, צווישן אָפּטי- מיסטן און פעסימיסטן ביז מע ווערט זאט פון אזויפיל רייד. הייבט מען זיך אויף און מע שפּאצירט איבערן גאָרטן. די מוזיק אין נאָענטן רעסטאָראן שפּילט פּלוצעם „ביי מיר ביסטו שיין" און אמאָליקע ראָמאנסן. דערפילט מען די יאָרן, געזעגנט מען זיך שטיל און מע לאָזט זיך גיין אהיים איבערצוקומען די נאכט און מאָרגן ווידער אָפּכאפּן א טאָג לעבן.

ווייל סוף כל סוף וויל קיינער נישט פון די אלטע לייט „שטארבן פאר דער צייט". און פאר דער צייט באטייט סיי ווען...

# וואָרצלען

אברהם, א באָטושאנער פענסיאָנער אין די זעכציקער, האָט זיך פּלוצעם דערמאָנט אין זיין טאטנס א ברודער, וועלכער איז אוועק קיין אמעריקע ערב דער ערשטער וועלט-מילחמה. אָט דער פעטער יוסף האָט זיך גוט אָנגעהאָרעוועט אין דער גאָלדענער מדינה ביז ער האָט זיך אביסל ארויפגעארבעט, ביז ער האָט געקענט „מאכן א לעבן". דערפאר, אָבער זענען זיינע קינדער מער נישט געוואָרן קיין ארבעטער אין א שאפּ. אָן די אייניקלעך? זיי זענען שוין זוער א דאָקטער, ווער א „לאָיער", אָן אדוואָקאט, און ווער א טעכניקער אין קאָמפּוטערס.

אין תוך איז נישט ריכטיק צו זאָגן, אז אברהם האָט זיך פּולצעם דערמאָנט אין זיין פעטער. דער גורם אים געווען א בריוו פון אמעריקע. אין תוך פלעגט מען זיך זעלטן ווען איבערשרייבן מיט די קרובים פון יענער זייט ים: א לשנה טובה-קארטע, א פארבעטונג אויף א חתונה און אמאָל צו א בר-מיצווה. וואָס-זשע פּלוצעם, אין מיטן דערינען, א בריוו? דער שכל איז א פּשוטער שכל.

זינט א שטיק צייט האָט מען אין די „שטאטן" און אין קאנאדע אָנגעהויבן זוכן „די וואָרצלען", די זיידעס און עלטער-זיידעס און .. נאָך טיפער (אין צייט, נישט אין דער ... ערד!). די „אלטע היים" איז געוואָרן א ענין. אייניקעווערן אפילו טוריסטן צו דער אלטער היים פון די זיידעס. אָבער פריער שרייבט מען זיך איבער מיט קרובים און באקאנטע. מע זוכט אויף אדרעסן פון פאר ... „מתן תורת היטלער, ימח שמו" ... נו, האָבן זיך שוועסטער-קינדער און גליד-געשוועסטער-קינדער געוועגדט, און טאקע אויף יידיש (די אייניקלעך ווילן צומאָל לערנען דאָס לשון, וואָס די טאטעס מאכן זיך פארגעסן). אברהם, וואָס איז נאָך פון „דעם אלטן רבונו של עולם", האָט זיי געענטפערט און עס האָט זיך אָנגעהויבן א נישטערן, א זוכעניש פון בילדער, געבויר-צעטלען, כתובות, חתונה-קארטן פון טאטעס, זיידעס, עלטער-זיידעס ביז ... אָדם הראשון.

נאָך אזוינע שטורמישע צייטן ווי צוויי וועלט-מילחמות, ראסיזם און גרויסע סאָציאלע ענדערונגען איז קיין סך נישט פארבליבן: אוועקגעפּאָרענע האָבן אָפּט פארברענט „פּאפּירלעך" און בילדער. אברהמען איז געלונגען אויסצונישטערן א בילדל פון דעם זיידן זיינעם, ערגעץ אָנהייב יאָרהונדערט, ווען דער זיידע האָט זיך געמוזט אריבערציען פון דעם דאָרף אין שטאָט. דער טאטע האָט אים אברהמען שפּעטער דערציילט וועגן אָט די ערשטע יאָרן אין שטאָט. מע האָט

ווייטער געפירט א האלב-דאָרפיש לעבן. כמעט ווי פריער. מע האָט אָפּגעקויפט א שטיבל עק שטאָט מיט א גאָרטן, פאר אויבסט או גרינס, מיט א שטאל פאר צוויי קי און א פערד, מיט שטייגן פאר עופות. פון דער קי האָט מען געהאָדעוועט דאָס הויזגעזינט און פארקויפט אין שטאָט כשרע מילעך און סתם מילעכיקס: פוטער, כמעטענע, קעז, זויערמילעך און אפילו כשרע ברינדזע פון דעם צעגדליק שאָף, וואָס מע האָט נאָך געהאַלטן אין דאָרף בשותפות מיט א פויער, אן אמאָליקער שכן. מיטן פערד און וואָגן איז מען געפאָרן איבער דערפער איינצוקויפן פראָדוקטן. צומאָל האָט מען עס פארדונגען אין שטאָט אויף צו פירן סחורות. מיט דער צייט האָט מען אין הויף אויפגעשטעלט א „האמבאר" וואו מע האָט געהאלטן די אויפגעקויפטע תבואה, וואָס באקאנטע פויערים פלעגן ברענגען צום זיידן, ווייל ער האָט נישט אָפּגענארט אויף דער וואָג...

די קינדער זענען געוואָרן שטאָטישע. דער טאטע האָט דערציילט ארבהמען, אז זיי האָבן זיך געלערנט סיי אין חדר, סיי אין דער „איזראעליטיש-רומענישער שולע". דער זיידע איז אָבער פארבליבן א „רענדאר", א פראָסטער פרומער ייד, א קליינער קענער אין די קליינע אותיות, ער האָט געשעפּט זיין תורה פון דעם טייטש-חומש, פון דעם יידיישן „חיי אדם" און פון... דעם גבאי פונעם שטעטפאנעשטער צדיק.

אין די ערשטע יאָרן, ווען ער איז נאָך געווען א „פרישער" (אין אמעריקע וואָלט מען אים גערופן א „גרינער") האָט מען אָפט אָפּגעשפּעט זיין פשטות. דעם ערשטן סוכות אין שטאָט איז ער געשלאָפן אין סוכה. קעגן מיט-נאכט איז א „וויצלינג" ארויפגעקראָכן אויפן סכך און מיט א מאָדנעם קול, א מין בת-קול פונעם הימל, אים אָנגערופן פרום: „אברהם, אברהם!" ווי אין חומש ערב דער עקדת יצחק. דער זיידע האָט זיך אויפגעכאפט א דערציטערטער און זיך אויף גיך „אָפּגעגאָסן די נעגל". און געענטפערט ווי אין חומש: „הנני!" און ארויפגעקוקט צום הימל. האָט מען אויף אים א גאָס געטאָן א גאנצע פוקנע וואַסער און זיך צעלאכט... פריער האָט ער געמיינט, אז עס רעגנט! דאָס געלעכטער האָט אים טיף באליידיקט. נאָר ער האָט נישט געוואָלט פארשטערן דעם יום-טוב. סיידווי האָט ער „אויסגעשפּיגן א קלעק" אויף די „חכמים" און זיך ווייטער געהאלטן אין זיין „פירעכץ".

פריער מיט א האלב יאָר, ער איז געווען אין שטאָט זינט עטלעכע חדשים, האָט ער געפראַוועט דעם סדר לויט זיין גאנג. צו „שפוך חמתך..." האָט מען אים אריינגעשטופּט א צאַפּ דורך דער אָפענער טיר. כלומרשט, אליהו הנביא. לצים האָבן דער נאָך דערציילט, אז דער „רענדאר" האָט דעם צאַפּ אויפגענומען מיט גרויס כבוד, אים געזאָגט: „קומט אראן, רעב עליע"! ווען דער צאַפּ איז

אַרויף אויפן טיש האָט ער צו אים געוויזן דעם כוס של אליהו און געזאָגט: „דאָס איז אייער כוס, רעב עליע". נאָר אַז דער צאַפּ האָט צעטרעטן אויפן טיש, טע־לער, גלעזער, עסנוואַרג, איז דער רענדאַר ברוגז געוואָרן און פאַרטריבן דעם צאַפּ מיט די ווערטער: „מאַרש אַרויס, איר זענט דאָך גאָר אַ ... חזיר, רעב עליע". די ליצנות ווייזט ווי אומגערעכט מע איז געווען צו רענדאַרעס אין יענע יאָרן. נישט תמיד. נישט אַלע.

אָט, אַשטייגער, האָט מען אויסגעטראַכט אויף אַ רענדאַר, וואָס איז געקו־מען אין שטאָט אויף ראָש־השנה־יום כּיפּור. ער האָט זיך געוואונדערט פאַר וואָס מע שטייט אַזוי לאַנג בײַ דער שמונה עשרה פון נעילה. האָט אים אַ לץ אײַנגערוימט אין אויער, אַז די קלוגע שטאָטישע ייִדן האַלטן אונטערן קאַפּטן אַ טעפּל מיט וואַרעניקעס, פון וועלכן זיי קײַען באַהאַלטענערהייט, דעמלט, ווען זיי פאַרדעקן דעם קאָפּ מיטן טלית. דערפאַר קומט זיי גרינג אָן דאָס פאַסטן. דער רענדאַר האָט נישט לאַנג געטראַכט און געהייסן דעם ווײַב, זי זאָל קאָכן וואַרעניקעס צום אויפפאַסטן. אין אויסנעמענס איז ער אַהיימגעגאַנגען און זיך באַזאָרגט אַ קליין טעפּעלע מיט וואַרעניקעס. די שמונה עשרה פון נעילה האָט בײַ אים געדויערט ווייניקער ווי בײַ אַנדערע, וואוילקענעוודיקע דאַווענערס. האָט מען אים פירגעוואָרפן זײַן אײַלעניש; האָט ער אָפּגעענטפערט: „נו, יאָ, איר זענט שטאָטישע, האָט איר אײַך גענומען גרעסערע טעפּ מיט וואַרעניקעס, זענט איר שפּעטער פאַרטיק געוואָרן מיט דער „שימענעסרע". דער עולם האָט קודם נישט פאַרשטאַנען, וואָס ער מיינט, נאָר ווען ער האָט זיי געגיבן צו פאַרש־טיין דעם מיין פון זײַנע רייד, האָט מען געלאַכט ביז ... חנוכה. אַזאַ אַנעקדאָט איז אַ גוזמא אָדער אַפילו אַ בייזוויליקע רכילות. אָבער, אַז מע האָט אויף רענדאַרעס געקוקט ווי אויף אַ נידעריקן סאָרט באַלעבאַטים (אויב זיי זענען נישט געווען קיין נגידים), איז באַקאַנט.

אברהם איז געבלין בײַ זײַן „דאָרפישקייט", אָבער די קינדער זײַנע האָבן זיך „אויסגעמענטשט". נאָר איינער איז געבליבן בײַ דער באַלעבאַטעשאַפט. איינער האָט חתונה געהאַט פאַר דער טאָכטער פון אַ „לייפּסקער" און געוואָרן אַ שותף אין קלייט. אַ צווייטן איז געפעלן צו לערנען זייגערמאַכער, אַן איידעלע מלאכה; ער האָט געהאַט גאָלדענע הענט און פלעגט קענען פאַרריכטן אויך אַנדערע אַפּאַראַטלעך, אַ מין „פיינמעכאַניקער" איז ער געוואָרן; אַ דריטער איז געוואָרן אַ „קאָנטאַבל" און ער האָט געפירט די ביכער אין דער קליינער ליי־און־שפּאָר קאַסע, וואָס מע האָט געשאַפן אין שטאָט. זייערע קינדער זענען שוין געגאַנגען אַ טריט ווייטער.

נאָר, לאָמיר זיך צוריקקערן צו אונדזער אברהמען דאָס אייניקל פונעם אַלטן אברהם איז געבוירן אין יאָר 1918, ווען דער טאַטע איז צוריקגעקומען פון מיליטער, א שטיקל אינוואַליד: עס האָבן אים געפעלט דריי פינגער פון דער לינקער האַנט. דערפאַר האָט זיין ייִנגל געקענט לערנען אין מלוכהשע שולעס אָן שום אָפּצאָל. צו קיין אוניווערסיטעט איז ער נישט דערגאַנגען. די כוליגאַניִשע איבערפאַלן פון קוזיסטישע סטודענטן האָבן אים פאַרטריבן. איז ער געוואָרן א לערער אין „איזראַעליטיש-רומעניִשע" שולעס פון שטעט און שטעטלעך. ער האָט זיך אָנגעשמעקט מיט „לינקישקייט" און כאָטש ער האָט נישט געהאַט קיין כוח גענוג אויף צו ווערן זייער אַקטיוו, איז ער געווען א „סימפּאַטיזאַנט". אונטער דער פאַשיסטישער דיקטאַטור איז ער פאַרשיקט געוואָרן פריער אין דעם לאַגער פון טירגו-זשיו, שפּעטער קיין טראַנסניסטריע, קיין וואַפּניאַרקא. די דאָרטיקע קאָמאַנדאַנטן זענען נישט געווען קיין מלאכים. אָבער איינער, דער לעצטער, האָט אַרויסגעוויזן א באַזונדערע מענטשלעכקייט. ווען די דייטשן האָבן אָנגעהויבן זיך צוריקציִען, האָט ער באַקומען פון בוקאַרעשט א באַפעל, אַז מע דאַרף עוואַקויִרן די לאַגערניקעס צוריק אַהיים. ער האָט מורא געהאַט אַז די היטלעריסטן וועלן פּרוּוון אויסהרגענען די געפאַנגענע. האָט ער זיך איינגעשטעלט דאָס לעבן און אויף אייגענער אחריות אָרגאַניזירט א צוג אויף א זייטיקער סטאַנציע, ווייטער פון דעם לאַגער, און האָט ביינאַכט אַהין אַרויסגעפירט די געפאַנגענע, אויך ווייטער האָט ער זיי געפירט אַזוי, אַז מע זאָל נישט באַגעגענען קיין דייטש מיליטער און אַזויאַרום זיי דערפירט ביז יאַס. שפּעטער איז מען אים דאַנקבאַר געווען דערפאַר.

נאָכן אַהיימקומען האָט אברהם נאָך געהאַט אויסצושטיין גענוג שווערקייטן, אָבער ס'איז אָנגעקומען דער טאָג פון באַפרייונג, דער 23סטער אויגוסט 1944. די ראַסיסטישע געזעצן זענען אָפּגערופן געוואָרן און עס האָט זיך באַוויזן א וועלט מיט אַרבעט. ערשטנס דער קאַמף, וואָס דאָס רומעניִשע מיליטער האָט איצט געפירט, אינאיינעם מיט די אַליִירטע, קעגן די היטלעריסטישע אַרמייען: דערנאָך, אַז עס איז געוואָרן שלום, די גרויסע ענדערונגען אין לאַנד, שפּעטער אַביסל, די רעפּובליק, די אַגראַר-רעפאָרם, די נאַציאָנאַליזאַציע ...

איצטער זעט אַרבהם אַלצדינג ווי אין א חלום אויף דער וואָר. אַרבעט אַסך, פּראָבלעמעס, אָן א צאָל, שוועריקייטן אַלערליי, אָביעקטיווע און סוביעקטיווע, האָט מען דעמלט טעאָרעטיזירט, ער איז געוואָרן הויפּט-בוכהאַלטער פון א גרויסן קאָאָפּעראַטיוו: אַלצדינג איז מעשה בראשית, צומאָל ווייסט מען נישט

פון קיין טאָג און נאכט, פון קיין רו־טאָג. אין קאָפּ זשומעט ווי אין א מיל. איצט קוקט ער אויף יענע יאָרן עלעהיי נישט ער אליין איז געווען דער „העלד“ פון יענער צייט ...ווען דער נייער שטייגער האָט זיך איינגעשטעלט האָט מען געקענט א טראכט טון צו פארבעסערן די אייגענע קוואליטעט. האָט אברהם אָנגעהויבן לערנען „אונטעראויניק“. ער האָט פארענדיקט דעם אינסטיטוט פאר עקאָנאָמיק. לאחר המעשה איז גרינג ארויסצוזאָגן, אז האָט „פארענדיקט“ העכערע בילדונג. א היפּש ביסל יאָרן איז נישט גרינג געווען צו ארבעטן אין דער פּראָפעסיע, אין דעם געזעלשאפטלעכן לעבן און ... ווייב און קינדער קען מען אויך נישט פאר־קוקן גאָר אין גאנצן.

דאָס לערנען מיט אלערליי זאָרגן: לערנביכער, קאָנסולטאציעס, געניטונגען, עקזאמענעס האָבן אים געלאָזט זיך פילן גאָר „יונג“. עס איז געווען שווער אָבער מע האָט געמוזט אָניאָגן די פארלוירענע צייט. און מע האָט נאָך א טראכט געטאָן. באלד וועלן אונטערקומען נייע כוחות, וואָס האָבן געלערנט נאָרמאל אין אינסטיטוט, וואָס שטאָלצירן מיט זייערע דיפּלאָמעס און ער, זייער עלטס־טער, וואָס פאר א „פּאפּירל“ וועט ער קענען ווייזן? זיינע אויפטוען? זיין פּיאָ־נערישקייט? דער יונגער דור קוקט אויף פאָרויס, נישט אויף צוריק.

איצט, זינט ער איז אויף פּענסיע, האָט ער שוין צייט צו זוכן די, „וואָרצלען.“ ער שרייבט צו די פריינט, אז עס נישטאָ זיך, וואָס צו איילן. דאָס יאָר צוויי טויזנט איז נאָך ווייט. דערמיט ענטפערט ער זיך אליין אויך אויף א געוויסן אומרו ...

# „הער פּראָפעסאָר"

זינט עטלעכע וואָכן זשומען מיר אין די אויערן אָט די צוויי ווערטער, וואָס יונגע מיידלישע, צומאָל אביסל איראָנישע, אביסל איבערנעמערישע אָדער דרך-ארצדיקע, תמיד נייגעריקע שטימעס און יונגע יינגלישע קולות, אביסל מיט אָפּשיי, אביסל שקאָציש און אביסל מיט חברישער ווארעמקייט טראָגן מיר אקעגן ווען איך קום אריין אין קלאס, ווען איך גיי איבער די שניידעריי-אָדער סטאָלעריי-אטעליערן פון דער פּראָפעסיאָנאלער שולע „מאָרגנרויט" אין טשערנאָוויץ.

די בונדיסטישע בעלי-בתים, דער עיקר די ענערגישע און געטרייע שׂרה כּתבן, דער דירעקטאָר דר. ישׂראל שעפּלער, א ווערטפולער יידישער לינקער אינטעלעקטואל, די אנדערע לערערס און די יונגע לערערנס רופן מיך: חבר שווארץ (י. קארא איז א שפּעטערדיקער גילגול בעת דער צווייטער וועלט-מלחמה אין אוזבעקיסטאן, כּדי זיך צו אונטערשיידן פון די אנדערע ברידער. דער עלטערער שׂמחה און דער יינגערע, שלום, ביידע שרייבערס, ביידע איצט שוין אויפן עולם האמת). אין דער שולע פּרואוווט מען דערציען אין סאָציאליסטישן גייסט, כאָטש מע לערנט לויט מלוכהשע פּראָגראמעס און אונטער א שטרענגן מלוכהשן קאָנטראָל. אָבער שעפּלער לערנט „קולטור-געשיכטע" על פּי תּורת מארקס, איך באניץ נייע סאָוועטישע יידישע לערנביכער פאר נאטור-וויסן; דער שול-כאָר זינגט פאָלקס-און ארבעטער-לידער, די תּלמידים ווערן אינטע-רעסירט אין סאָציאלע פּראָבלעמען און באוועגונגען.

וויאזוי בין איך אָנגעקומען פאר א יידיש-לערער קיין טשערנאָוויץ עטלעכע וואָכן נאָכן פארענדיקן דעם איינייעריקן מיליטער-דינסט מיטן צייכן פון סערז-שאנט? גאנץ פּשוט. זינט איך האָב פארענדיקט די מיטלשולע אין יאס, אין יאָר 1926, בין איך געווען לערער אין „איזראעליטיש-רומענישע" שולעס פון קהלות, כ'האָב אקטיווירט אין דער יאסער „קולטור-ליגע", געשריבן קאָרעספּאָנ-דענצן פאר די לינקע יידישע בלעטער. פון וואנען קען מיך טשערנאָוויץ? איז, ערשטנס, גלייבט מען אויפן וואָרט מיין ברודער שׂמחה, אז איך בין א גוטער פּעדאגאָג און א יידיש-קענער. כּדי צו ווערן א (גוטער) פּעדאגאָג וועל איך צאָלן רבי-געלט, נערוון, איבערלעבענישן, האָפענונג און יאוש, דערפאָלגן און דורכפאלן. אָבער יונגע יאָרן זענען גובר אלצדינג און „מע רייבט זיך אוים א שמאטע", ווי מיין טאטע הערשל פלעגט זאָגן אויף קלייט-יינגלעך נאָך עטלעכע יאָרן אין דער לער, אין אונדזער קלייט. און, צווייטנס, בין איך שוין צוויי מאָל געווען אין

טשערנאָוויץ. אויף געזעלשאַפטלעכע שליחות, גענומען א וואָרט, „אקטיווירט",
דערציילט וועגן דער ארבעט אין דער יאסער קולטור-ליגע. ארבעט הייסט שרייבן
אפישן. צוגרייטן דעם זאל, אויפנעמען די צוהערערס, עפענען די אימפּרעזע,
צומאָל טאקע האלטן אליין דעם רעפעראט אָדער פירלייענען, פירן יידיש-קורסן
און מיטשפּילן אין אמאַטאָרן-טעאטער. מיין עלטער-באָבע מאָטלע פלעגט אזוי
אָנרופן „סאם פאן, סאם דוראק" און פארטייטשן: אליין דער פריץ און אליין דער
נאר".

„נאר" האָט דאָ באטייט „לץ", פארווײלער... אפילו שפּעטער אין טשער-
נאָוויץ, ווען אזא מין ארבעט נישט אויפהערן.

מיין ערשטער פּנים-אל-פּנים מיט טשערנאָוויץ - א מין ירושלים דרום-
מעניע. וואו יידן רעדן דייטש ווי וואסער און זיי פירן זיך אויף ווינעריש, און
דאָך איז עס א עיר ואם ביידיש-לאנד (א. קליינקייט, דאָ איז פאָרגעקומען אין
יאָר 1908 די באַרימטע יידישע שפּראך קאָנפערענץ, וואָס האָט געשטארקט
דעם פּרעסטיזש פון מאמע-לשון) — איז געווען צום צוואנציקסטן יובל פון אָט
דער קאָנפערענץ. איך בין געווען איינער פון די דעלעגאטן פון יאס צו אָט דעם
יובל.

מילא, די איבערראשונג צו הערן אזויפיל דאָקטוירים, אוואָקאטן, פּראָפּע-
סאָרן, אלע מיטן דאָקטאָר-טיטל, צו רעדן יידיש און לכבוד יידיש איז שוין
איינמאָל א וואונדער פאר א יאסער, וואו די אינטעליגענץ דערקלערט זיך פאר
העברעיש און... לעבט זיך אוים אויף רומעניש. אמת, בעת וואלן לאָזט מען
זיך אראָפּ צו די „אָרעמע ברידער" און מע רעדט „זשארגאָן". ווער עס האָט ליב
יידיש און יידישע ליטעראַטור האלט ער עס פאר זיך (מיטן אויסנאם פון סאָציא-
ליסטן און לינקע אינטעלעקטואלן). די ציוניסטישע אינטעליגענץ רעדט און
שרייבט פיין רומעניש, נאָר מע ווארפט אריין אין ארטיקלען דאָ און דאָרט א הע-
ברעיש וואָרט „סניף", „הכשרה", „קן", „מנהל", „סיחה" און מע טרייבט
געשמאַק דעם אסימילאַטאָרישן וואָגן אויף דער יידישער גאס. און גיי שריי „חי
וקים!" איבער גאנץ מאָלדעווע. פון דעם יובל זענען די דעלעגאטן פון „אלט-
רומעניע" אהיימגעפאָרן מיט א פארשטארקטן דרך ארץ פאר יידיש לשון. מע
האָט דאָרט געהערט דעם אדוואָקאט ישראל פורמאן, דעם געבענטשטן פאָלקלאָריסט
פון וועמען עס איז ערשט אין יאָר 1968 ארויסגעקומען א גרויסע זאמלונג יידישע,
שפּריכווערטער; עס האָבן גערעדט דער קולטור-היסטאָריקער דר. ישראל שעפּ-
לער, דר. מאקס דיאמאנט, מחבר פון א בוך „יידישע פאָלקס-קונסט". א יידיש-

ליבהאָבער, וואָס האָט נערעדט שוואַך יידיש. די יאסער האָבן שטאָלצירט מיט
איציק מאַנגערן, אנדערע, מיט די „חכמי ליפּקאַן“: משה אלטמאַן, יעקב שטערנ-
בערג (אליעזר שטיינבארג איז דעמלט געווען א לערער אין בראזיליע). אגב,
משה אלטמאַנס א זאָג. מע איז ארויסגעקומען פון דער יובל-פייער אין „מוזיק-
פאריין-זאל“. מאַנגער, שטערנבערג און בארבו לאזארעאנו זענען פריער ארויס-
געקומען, אלטמאַן, אביסל שפּעטער. ער האָט זיי געזוכט מיטן בליק און א פרעג
געטאָן: „וואו זענען די קלאסיקער?“.

מע איז געשטאנען אונטערן שטארקן איינדרוק פון הערץ גראָסבארטס
רעציטאציעס. ווי באַקאַנט האָט דוד בערגעלסאָן געזאָגט אויף גראָסבארטן אז
„ער דאַוונט יידישע ליטעראַטור“. א יאסער אַוואָקאַט, א יידישיסט, האָט זיך
פארגינען אזא וויץ. ער דערציילט אז פארן זאל, וואו גראָסבארט דארף רעצי-
טירן, שטייט א ייד און רופט: „קומט אריין א צענטער צו מנין“. אין דער אמתן
האָט גראָסבארט געהאט גרויס דערפאָלג מיט זיינע וואָרט-קאָנצערטן און ער
האָט געפונען נאָכגייערס: גדליה וועסטלער (1906-1978), לייבו לעווין (1913-
1985), ארבהם בערקאָוויטש און ... קלענערע. גראָסבארט האָט געשאפן אין ער
שאפט נאָך (1986) אסך פרעסטיזש דער יידישער ליטעראַטור.

אויף דער פייערלעכער זיצונג זענע ארויסגעטרעטן חשובע געסט פון פוילן:
דער בארימטער פילאָלאָג נח פּרילוצקי, זלמן רייזען, דער באַקאַנטער גראַמאַטיקער
און לעקסיקאָן-רעדאַקטאָר, דר. ישראל רובין, דער פּעדאַגאָג, דער ווילנער דר.
צמח שאבאד. ז. רייזען איז שפּעטער געקומען קיין יאס, באוואונדערט דעם אָרטיקן
יידיש, אונדז געלערנט זאמלען פאָלקלאָר און.. מיר געשענקט זיינע ארבעטן
מיט דער צושריפט „דעם אַמבאַסאַדאָר פון יידיש אין רומעניע“. איך בין גע-
ווען „אין זיבעטן הימל“ און אדאַנק דעם געוואָרן א מיטארבעטער אין וויל-
נער „ייוואָ“ מיט היסטאָרישע און שפּראַכלעכע ארבעטן ביזן היינטיקן טאָג.

אהיימגעקומען האָבן די אויסלענדישע געסט אנטפּלעקט פאר דער יידישער
וועלט די „חכמי רומעניע“: מאַנגער, שטיינבארג, שטערנבערג, אלטמאַן, די
מאָלערס ארטור קאָלניק און שלמה לערנער. לערנערן האָב איך שפּעטער באגע-
גנט אין פּאריז אויפן איקוף-קאָנגרעס פון 1937, קאָלניקן אויך דעמלט און
שפּעטער אין יאָר 1969. מיט מאַנגערן, שטערנבערגן און אלטמאַנען בין איך
געווען נאָענט א גאנץ לעבן.

בארבו לאזארעאנו, דער באַקאַנטער רומענישער ליטעראַט, האָט דערציילט
טעאַטער-זכרונות פון זיינע קינדער-יאָרן אין באָטושאַן. למשל, א יידישע טעא-
טער-טרופּע אנאָסירט “בר כוכבא” און גיט צו, אז סוף ספּעקטאַקל וועלן ארויפ-
קומען אויף דער בינע רבי עקיבא מיט זיינע 24 טויזנט תלמידים. דער עולם

קוקט שוין ארוים אויפן סוף ספעקטאקל. דעמלט באווייזט זיך דער דירעקטאָר און זאָגט: „ווערטעס פּובליקום, מיר האָבן געוואָלט האלטן וואָרט און ברענגען אלע תּלמידים פון רבי עקיבא. אָבער, ווערטעס פּובליקום, זיי זענען אסך. וואו וואָלט איר געזעסן? וואו וואָלטן געשפּילט די אקטיאָרן? דעריבער האָבן מיר באשלאָסן זיי צו ברענגען יעדן אָוונט צו אכט מאן אויף אמאָל. אויב איר ווילט זיי אלע זען קומט צו די ווייטערדיקע פאָרשטעלונגען, וועלן מיר האָבן די ערע, זיי אייך צו ווייזן. „דער עולם איז קודם געבליבן געפּלעפט, אָבער באלד האָט מען אפּלאָדירט דעם פּיפּיקן איינפאל.

דער „יידישער שולפאריין‟, וועלכער האָט אָרגאניזירט די פייערונגען, האָט דערמיט צונויפגעבראכט קולטור-טוערס פון גאנץ רומעניע און דערמיט געשאפן א פארבינדונג פאר נאָענטער מיטארבעט. דערפון איז ארויסגעוואקסן די באראטונג פון די דראמקרייזן, זומער 1929. ווען איך בין צום צווייטן מאָל געקומען ווי א דעלעגאט פון יאס. עס זענען געקומען אסך באסאראבער דעלעגאטן. די דאָגמאטישסטע צווישן זיי האָבן געהאט אנדערע כוונות איידער העלפן שאפן א צענטראל פאר די דראמקרייזן, וואָס זאָל ארויסהעלפן מיט רעפערטואר, אָנווייזן, אינסטרוקטאָרן, וכדומה. מע האָט געפּרואווט ארויסבאקומען „דערקלערונגען‟ און אויפרופן, וואָס זענען דעמלט געווען שעדלעך פארן לעגאלן קיום פון דער קולטור-ארבעט. אזוי איז דער פירהאנג געפאלן איבער א ליידיקער בינע.

מע איז אהיימגעקומען אביסל צעטומלט אָבער מע האָט זיך שוין געקענט און מיטגעארבעט. א גוטע דערגרייכונג איז געווען דאָס ארויסרופן קיין טשערנאָוויץ מיין ברודער שמחה שווארץ פאר א סעקרעטאר פון דעם „שולפאריין‟ און ער האָט באנייט די ארבעט פון דער טעאטער גרופּע, וואו משולם סורקיס און אבנר באראק האָבן פריער געשטעלט שיינע ספּעקטאקלען. שמחה האָט זיך באלד גענומען צו דער ארבעט און אויפגעשטעלט זיין קליינקונסט-אנסאמבל „קאמעלעאָן‟.

בין איך סעפּטעמבער 1930 אראָפּגעקומען קיין טשערנאָוויץ. מיין ברודער וואַרט אויף מיר און פירט מיך צו זיי קווארטיר. די בעל-הביתטע רעדט א בוקאָווינער יידיש: זי נעמט מיך אויף פריינדלעך און מאכט צו מיר נאָך עטלעכע מינוט: „איך מעגט אייך שוין אויסציען‟ (געמיינט „אויסטון‟. ביי אונדז אין מאָלדעווע באטייט עס, אז דער מענטש מעג שוין שטארבן. ענטפער איך שפּאסיק: „אן עבירה, איך בין נאָך צו יונג דערפאר‟ און איך דערקלער איר דעם באטייט. זי אנטשולדיקט זיך, זי דערלאנגט טיי און צוביים און שפּעטער בעט זי מיר אוים, איך זאָל שלאָפן זי קומט דערנאָך אריין און פרעגט: „אפשר

ווילט איר א קאַץ? אין בוקאָווינע באַטייט א קאַץ (מיט א קאַמעץ) א גראָבע דעק. איך ענטפער: „איך האָב נישט ליב קיין קעץ". מיט דער צייט שטוים איך מיך אָן (או אָפּ) אויף בוקעווינער דייטשמעריש. בּאַסאַראַבישע יידן גיבן זיך אַן עצה. זיי מאָנען אין רעסטאָראַן „געפּריגלטע פּישע", „גראַמערל-בראָט" פאַר געפּרעגלטע פיש און גראַהאַם-ברויט. אָבער א יידיש-לערער, וואָס קען סיי ווי עטלעכע לשונות, ווערט נישט נתפּעל פונעם דייטשישן לשון און ער רעדט ווייטער נאָר יידיש און רומעניש.

גוטע באַציונגען צווישן לערערס און תּלמידים און תּלמידות ווערן פאַרש-טאַרקט בעת די שבת-נאָכמיטאָגן, ווען מע באַגעגנט זיך אויף פרייע שמועסן. לערערס, שילערס, אַבסאָלווענטן, אַבסאָלווענטקעס; מיט זיי חברט מען זיך כמעט ווי אין א יונגט-אָרגאַניזאַציע. די באַציונגען וועלן ווערן נאָענטערע עטלעכע יאָר שפּעטער, ווען דער „שולפאַריין" וועט אָרגאַניזירן א האַלב-לע-גאַלע יוגנט-באַוועגונג מיט לינקע מענטשן פון „גורדוניה" און אַנדערע, מע וועט ווערן אויף „דו" (ווי צווישן אַמאָליקע חסידים) און מע וועט דערמאָנען דעם „דו-חבר", אַז מע פלעג אים רופן אונטער די אויגן „פּראָפּקע-פּרעסער". עס וואַקסן אויס צאַרטע פריינטשאַפטן, צומאָל מיט אַן עראָטישן אונטערשלאַק; אָבער באַוואוסטע און בפרהסיא פול מיט יוגנטלעכע דעבאַטעס וועגן וועלט-תּכלית און יידישן קיום, שפּאַסן, טרוימען און געזעלשאַפטלעך אַקטיוו.

די זומער-קאָלאָניע 1931 אין די צפון-קאַרפּאַטן וואו מיר לערערס באַ-זאָרגן אַלץ, אָבער די שטימונג איז יונגטלעך פריילעך, די נאַטור איז שיין, וויל מען נישט טראַכטן צום מאָרגן, אַרבעט אָדער אַרבעטלאָזיקייט, שאָטנס אין דער וועלט. דערווייל זינגט מען, טאַנצט מען, שפּאַצירט מען, באַוואונדערט מען די רויטע הלבשה פון די אָרטיקע הוצולן און זייער מעסטן דיסטאַנצן לויט דער צאָל אויסגערייכערטע ליולקעס.

צוריקגעקומען פון אזא ראָמאַנטישן זומער ווער איך סעקרעטאַר אין „שול-פאַריין", גיב פּריוואַטע לעקציעס און... עס זאַמלען זיך איצט אַרום אונדז ווערטפולע יונגע אינטעליגענטן: חיים גיניגנער ,הערש סעגאַל ע'ה, לייזער פּאָרדיאַטשטיק, איציק שמיד, יעקב שייאַוויטש, ווערא האַקן און איר מאַן און עס הייבט זיך אָן א לעבעדיקע אַרבעט מיט וועכנטלעכע דיסקוציע-אָוונטן, ביבליאָטעק; עס צעוואַקסט זיך דער „סעמינאַר פאַר יידישער ליטעראַטור און שפּראַכקענטעניש", מיטן קינדער-קלוב „אליעזר שטיינבאַרג", וואו עס אַרבעטן מיט דער יונגער פּראָזאַיקער ה.ל. קאַזשבער ע'ה, גאָלדע שוואַרץ, בערל רויזן ע'ה, יוסף בורג, דער מאָלער איזיו שערף א. אנד. „דער קאַמעלעאָן" שאַפט

א תקופה אין היגן טעאטער. מיין פריינטשאפט מיט א גאָר דערהויבענעם מענטשן א יונגע היסטאָריקערן די יונג פארשטאָרבענע אנא הערצאָג-שווארץ, וועט מיך פירן אויפצונעמען דאָס לערנען אין אוניווערסיטעט אויף פראנצויזישער ליטעראטור, וואָס איך פארענדיק 1936. איצט וועט דער טיטל פראָפעסאָר זיין א בארעכטיקטער אין די „אָרט“ שולעס פון טשערנאָוויץ ביז דער צווייטער וועלט-מלחמה און שפעטער.

# קאָלעגיום יודאיקום. היסטאָרישער־קרייז

מע דאַרף זיך נישט וווּנדערן איבערן לאַטייניש נאָמען פון אָט דעם טשער־נאָוויצער היסטאָריקער־קרייז, וועלכער האָט זיך אינטערעסירט נישט נאָר מיט געשיכטע פון יידן אין רומעניע בכלל און פון בוקאָווינע בפרט, נאָר אויך מיט פאָלקלאָר, פאָלקס־קונסט, עטנאָגראַפיע און שפּראַך פון אָט דעם קאַנט. כאָטש עס זענען שוין געווען די יאָרן 1938—1940 האָבן אייניקע פון זיינע על־טערע מיטגלידער זיך דערמאָנט אין זייערע עסטרייכישע מיטלשולע־יאָרן, ווען מע האָט געלערנט לאַטיין און גריכיש. די מיטגלידער: יונגע (אַרום 25 יאָר ביז 35), מיטליעריקע ביז 50 יאָר און עלטערע), אייניקע פּענסיאָנירטע, אָבער נישט עלטער פון 65 יאָר, האָבן געשטאַמט פון אַלע טיילן רומעניענס. דער רוב זענען געווען בוקעווינער, אנדערע האָבן געשטאַמט פון באַסאַראַביע, אַנדערע ווידער האָבן געשטאַמט פון מאָלדעווע, איינער האָט זיך אָנגעקערט מיט מאַראַמורעש. אָט די פאַרשיידנאַרטיקייט האָט באַרייכערט די אינפאָרמאַציעס וועגן פאָלקס־שאַפונג. יידיש האָבן כמעט אַלע גוט געקענט רעדן, לייענען, שרייבן, העברעיש, ווייניקסטנס אין דער מאָס צו קענען וויסן, וואָס מע דאַרף נאָכפרעגן, דייטש האָבן אַלע געקענט, אייניקע אויך פראַנצויזיש אָדער ענגליש, אַנדערע רוסיש, אוקראַיניש. געווען קענערס פון א בלאַט גמרא מיט רש״י, פון תנ״ך מיט פּירו־שים, פון מאָדערנער העברעישער ליטעראַטור, פון יידישן, רומענישן, דייט־שישן, אוקראַינישן פאָלקלאָר און עטנאָגראַפיע; די עלטערע האָבן גוט געקענט דאָס בוקעווינער לעבן אייניקע, יינגערע האָבן געהאַט א גוטע פאַכמענערישע אויסבילדונג אין געשיכטע און גוט געקענט געשיכטע פון רומעניע און די אַל־געמיינע יידישע היסטאָריאָגראַפיע. הכלל, עס איז געווען א גרופּע מענטשן באַהאַרצטע און ערנסטע, מיט פאַרשיידנאַרטיקע פעיקייטן און קענטענישן, פּראָפעסיעס און באַציונגען אין דער געזעלשאַפט, אָבער אַלע אינטערעסירטע אין פאָרשן יידישן לעבן אַמאָל און איצט אין רומעניע בכלל און אין בוקעווינע בפרט.

די עלטערע מיטאַרבעטער האָבן געפּרוּווט פאַרטרייבן דעם אומרו, די יינ־גערע האָבן געוואָלט „אַפּכאַפּן". עפּעס טון אויפטון איידער די וועלט גייט אונ־טער. אין דער שטיל האָבן זיי געהאַט איבערצולעבן דעם וועלט־אונטערגאַנג און... אייניקע האָבן זיך נישט אָפּגענאַרט. זיי לעבן און ווירקן נאָך, כאָטש זיי זענען שוין אַלע איבער די זיבעציקער.

יורידיש, אדמיניסטראטיוו איז יעדע יידישע קולטור-ארבעט פון טשער-נאָוויץ געווען אָפּגעשטעלט, אָבער אין דער שטיל האָבן קרייזלעך פון 10—20 מענטשן געלייענט איינעם, דיסקוטירט און אפילו געדרוקט ביכער. די באַ-דערפעניש צו באווייזן די שונאי ישראל, אז יידן זענען נישט קיין „אָנגעלאָפענע" אין רומעניע, נאָר אלטע תושבים האָט געפאָדערט ערנסטע דאָקומענטאציע. דערפאר האָט דער „היסטאָריקער-קרייז" פון טשערנאָוויץ גענומען זוכן, זאמ-לען, באָרגן, קויפן, אָפּשרייבן, אָפּפאָטאָגראפירן אלערליי דאָקומענטן און חפצים וועגן יידן אין אלע טיילן פון דעמלטיקן רומעניע. אזויארום איז געלונגען צו באקומען פנקסים פון אכצענטן און אָנהייב 19-טן י״ה פון וויזשניץ, מיהיילען סאדעגערע; אָפּצושרייבן דאָקומענטן פון עפנטלעכע און פריוואטע ארכיוון, צו פארשרייבן זיכרונות, פאָלקלאָר, מוזיק אין שייכות מיט יידן פון מיזרח-אייראָפּע, באזונדערס פון רומעניע.

די זיצונגען פלעגן פאָרקומען פרייטיק צו נאכטס אין הויז פון אינזשינער זאלצינגער. אליין א מיטבאזיצער פון א פאבריק פון טיכלען האָט ער זיך אינ-טערעסירט און געשטיצט יידישע קולטור, שרייבערס, צייטונגען, געזעלשאפטן. ער האָט געהאט א ווארעם געפיל פאר שעפערישקייט. זיין אשת חיל האָט גע-זאָרגט, אז די געסט זאָלן זיך פילן גוט און ... זאט.

צום עלטערן דור האָט געהערט א באנק דירעקטאָר א שטיקל למדן און ליב-האָבער פון יידישער גייסטיקייט. דר. מאקס דיאמאנט, א באקאנטער אדוואָקאט, געווען א דעפּוטירטער אין פארלאמענט מצד דער „יידישער פּארטיי", א יידי-שיסט וואָס האָט קוים גערעדט יידיש. אָבער א פארברענטער ליבהאָבער און פאָרשער פון יידישער פאָלקס-קונסט. אין יאָר 1937 האט ער אָפּגעדרוקט אין טשערנאָוויץ אויף דייטש, זיין בוך „יידישע פאָלקסקונסט". אין תוך נאָר וועגן דער קונסט פון יידישע מציבה-שלעגערס אין רומעניע, לויט בילדער. דאָס בוך האָט דערוועקט אינטערעס און ליבע צום פאָלקס-שאפן און אָנגערעגט שפּעטער-דיקע פאָרשונגען. פון דר דיאמאנט (1878—1942) האָט מען אויפגעשריבן זיכרונות וועגן אמאָליקן יידישן לעבן אין בוקעווינע. גאטע, אן אמאליקער לערער פון לאטיין, איז איצט געווען א פענסיאָנירטער באנק-באאמטער און געהאט א שייכות צו יידיש.

יינגער איז געווען דער ארכיטעקט שפּענצעלער, וועלכע האָט זיך אויס-געקענט אין אָפּשאצן די עלטער פון פאפיר און טינט און דערמיט געהאָלפן שטודירן אומדאטירטע דאָקומענטן. ער האָט געזאָלט שטודירן די עלטערע שילן פון בוקעווינע.

אברהם ראַפּאָפּאָרט איז געווען אַ דאָקטאָר אין געשיכטע און אַ באַטייליקטער אין די אויסגראָבונגען פון „ראס אמרא", וועגן וועלכע ער האָט טאַקע אויספירלעך רעפערירט אין דעם היסטאָריקער-קרייז און געזוכט שייכותן צווישן אַלטער און נייער יידישער פּלאַסטיק. צווישן די יונגע האָבן זיך געציילט: אַנאַ פּוקס, דאָקטאָר אין ענגלישער פילאָלאָגיע, אינטערעסירט אין בוקעווינער יידיש; חיים גינינגער אַ טיפּזיניקער לינגוויסט און יידיש-קענער איז געווען אינטעעסירט אויך אין קולטור-געשיכטע; הערש סעגאַל (1905—1982) פון פאַך אַ מאַטעמאַטיקער, אַ ליבהאָבער און גרינטלעכער קענער פון יידישער פּאָעזיע און פילאָסאָפיע האָט זיך ערנסט באַטייליקט אין דיסקוציעס און זיי צוגעגעבן וואָגיקייט.

איציק שוואַרץ (י. קאַרא) און זיין פרוי און מיטאַרבעטאָרן אַנאַ הערצאָג-שוואַרץ (1909—1947) זענען געווען היסטאָריקערס פון באַרוף און געגרייט זינט 2 יאָר אַ זאַמלונג דאָקומענטן וועגן דער געשיכטע פון יידן אין רומעניע. שוואַרץ האָט געפאָרשט דעם ענין פינקסים און אָפּגעדרוקט וועגן דעם צוויי אַרבעטן אין די „ייוואָ" אויסגאַבעס. ל. פּאָדריאַטשיק האָט פאַרטיפט פּראָבלעמעם פון העברעישער ליטעראַטור און שול-פּראָבלעמעס. אין דיסקוציעס האָבן זיך באַטייליקט דער אַוודאָקאַט דר אברהם רויכווערגער, אַן אינטערעסירטער אין עסטעטיק, יורידישער מצב פון יידן און געשיכטע פון יידן אין בוקעווינע. די ברידער שייאָוויטש און אַנדערע יונגע מיטאַרבעטער פונעם סעמינאַר פאַר יידישער ליטעראַטור און שפּראַך-קענטעניש זענען געווען צוהערערס.

דער גאַנג פון דיסקוציעס האָט באַוויזן, אַז די מיטאַרבעט פון יונגע און יינגערע פּאַכלייט מיט עלטערע ליבהאָבערס און קענערס איז אַ שפּעדיקע סיי אין אָרגאַניזאַטאָריש-פינאַנציאַלן זין, סיי אין פאָרשערישן גאַנג. זי זיצונגען פלעגן פאָרקומען יעדן פרייטיק צו נאַכטס. זיי האָבן געדרויערט ביז 3 שעה. אָבער חוץ רעפעראַטן און דיסקוציעס האָט מען אַרומגעשמועסט די טאָג-ענינים, געשמועסט געמיטלעך, געהערט יידישע מוזיק, דערציילט געשעענישן.

מע האָט געהאַט געזאַמלט אַ צאָל פּנקסים, אַקטן, דאָקומענטן, בילדער, מע האָט געגרייט צום דרוק אַ באַנד דאָקומענטן. דער אויסברוך פון דער צווייטער וועלט-מלחמה האָט אָפּגעשטעלט די אַרבעט. בעת די יאָרן פון שואה איז דער געזאַמלטער מאַטעריאַל אומגעקומען.

אָבער די געראַטעוועטע און איצט נאָך לעבנדיקע מיטגלידער דערמאָנען מיט פאַרגעניגן דעם שפּעטערישן היסטאָריקער-קרייז פון טשערנאָוויץ. אין תוך איז ער געווען איינע פון די פאָרמעס פון גייסטיקן ווידערשטאַנד קעגן דעם וואַקסנדיקן פאַשיזם און ראַסיזם, וואָס האָט געוואָרפן זיין בלוטיקן שאָטן איבער גאַנץ אייראָפּע.

# הונדערט חתונות אין איין טאָג

מיין שכן, א ייד אין די אכציקער, וועמען די אויגן דינען נישט מער ווי סע באַדאַרף צו זיין, האָט מיך געבעטן, איך זאָל אים פירלייענען עפּעס פריילעכס. האָב איך א זוך געטאָן צווישן מיינע מאַנוסקריפּטן, ארויסגענומען עפּעס א זאַך. האָב מיך אוועקגעזעצט ביים טיש, אויסגעפּרוווט דאָס קול און אָנגעהויבן לייענען: „הונדערט חתונות אין איין טאָג". ווי נאָר ער האָט דערהערט דעם נאָמען פון דער דערציילונג האָט ער מיך גענומען באַוואַרפן מיט שאלות: זאָג נאָר, וואָס מיינסטו מיט הונדערט חתונות אין איין טאָג? וואָס פאר א חתונות, יידישע? ווען איז אזוינס געשען? ווו איז אזוינס פאָרגעקומען? וויאזוי איז עס דערצו געקומען, צוליב וואָס?"

אויב ער האָט אָפּגעשטעלט דעם מבול פון פרעגעכצערס איז עס געווען, נאָר ווייל עס האָט אים פאַרפעלט אָטעם, נו, האָב איך מיך ארויפגעכאַפּט אויפן וואָגן און אים אָנגעהויבן צו ענטפערן: „די מעשה איז געשען אין יאָר 1919, טאַקע נאָך דער גרויסער מלחמה..."

— אוודאי אין נעוואָירק צי אין וואַרשעווע!

— איר מעגט אָנרופן א קלענערע שטאָט, מיט ווייניקער יידן...

— נו, זאָל זיין בוקאַרעשט, אָדער יאַס...

— איר מעסט אייך אָן צו גרוים.

— אפשר גאָר באָטושאַן?

— נישט טאַקע באָטושאַן, נאָר נישט ווייט פון דאָרט, לאָמיר זאָגן שטעפאַנעשט אָדער גאָר דאָראָבאַן. אזא מעשה איז אָבער פאָרגעקומען אויך אין אנדערע מאָלדעווישע שטעט און שטעטלעך.

— מילא, אז דו זאָגסט אזוי, מוז מען דיר גלייבן. אָבער צוליב וואָס האָט מען געמוזט שטעלן 100 חופּות אין איין טאָג?

— איך האָב געזאָגט 100 חתונות, נישט הונדערט חופּות.

— מאַך פון מיר נישט איין חוזק. ווי קען געמאָלט זיין א חתונה אָן א חופּה?

— אָט וועט איר באַלד זען. איר ווייסט דאָך, וואָס מע רופט ביי אונדז „שטיין אויף דער בימע".

— איך בין נישט קיין נעכטיקער. שטיין אויף דער בימע הייסט גיין אין דער פרימאַריע און דאָרט ווו, מע פאַרשרייבט די געבוירענע קינדער, און די יונגע

פּאָרלעך, דאָרט פֿאַרשרייבט מען זיך, אז מען האָט חתונה געהאט כדת פּרימאר וזשאנדאר ...

— נו, טאקע דאָרט האָט מען געפּראוועט די 100 שידוכים אויף איין מאָל, יונגערע און עלטערע.

— איך פֿארשטיי נישט צוליב וואָס מע האָט געמאכט אזא פּורים-שפּיל.

— עס איז נישט געווען קיין פּורים-שפּיל, נאָר א גאָר ערנסטע זאך. אזוינט, וואָס מע האָט געדארפט האָבן ווי דאָס לעבן ...

— או-וואו! אזוי גאָר? זאָג-זשע גיכער און נעם מיר נישט ארוים דאָס חיות.

— די מעשה איז געווען אזוי. נאָכן סוף פֿון דער מלחמה, אין יאָר ניינצן הונדערט אכצן, האָבן אונדזערע יידן דאָ אין רומעניע, באקומען גלייכע רעכט מיט די אנדערע ...

— איך דערמאָן, מיך. מע האָט אונדז געגיבן די „טשעטאצאניע".

— טאקע אזוי. יענע, וואָס זענען געווען אויפן פּראָנט, די אלמנות און יתומים פֿון די יידן וואָס זענען געפאלן אין דער מלחמה און אלע יידן, וואָס זענען געבוירן דאָ אין לאנד, זיי און זייער עלטערן, אבי זיי זענען נישט געווען קיין אונטערטאנען צו קירהן, דאָס הייסט צו עסטרייך צו רוסלאנד, צו דייטשלאנד אָדער צו אנדערע מלוכות, האָבן געקענט ווערן „נאטוראליזאט" באקומען די פּאָליטישע רעכט ...

— און אָן די „פּאָליטישע רעכט" גיט מען מיר נישט קיין הקפה?

— לאכט נישט, רעב עליע! יידן האָב שוין געקענט וואָטירן, זאָגן א דעה אין פּארלאמענט ...

— זיך צעפּירן די הענט אויבעט? איך וויים פֿון דעפּוטאטן, פֿון סענא-טאָרן. דער בוקארעשטער שעף-ראבין נימעראָווער איז טאקע געווען סענאטאָר: פארוואָס נישט?

— יאָ, אָבער דערצו, כדי צו מעגן וואָטירן, האָט מען געדארפט האָבן „פּאפּירן", — אקטן: א געבוירן צעטל, א חתונה-צעטל פֿון דער פּרימאריע, נישט פֿונעם רב. דעם רבס כתובה נעמט מען נישט אָן אין טריבונאל.

— איך פֿארשטיי דיך נישט. דאָס באטייט, אז מיין ווייב איז נישט מיין ווייב און מיינע קינדער זענען נישט מיינע קינדער אויב איך האָב נישט א רו-מעניש פּאפּירל מיט א זיגל?

— לאָזט אייך רעדן! כדי צו „באקומען רעכט" וועט דער טאטע, דער מאן ארייננגיבן א בקשה אין דער טריבונאל. וועט ער באקומען זיינע רעכט. מיט אים ווערן גלייך מיט אלע אויך זיין ווייב און זיינע קינדער, אויב ער „איז גע-

שטאנען אויף דער בימע", דאָס הייסט חתונה געהאט אין דער פּרימאַריע, אַזוי שטאָט-ראט. טאָמער נישט זענען זיי על פּי דין ...

— על פּי דין? נאָך וואָס פאר א דין?

— נאָכן דין פון רומעניע, לויט די געזעצן פונעם לאנד. מוז מען פירן צו דער „בימע" אלע פּאָרלעך, וואָס זענען געווען אונטער דער חופּה און נישט מער.

— און דאָס איז עס אינגאנצן?

— דערנאָך וועט דער טאטע גיבן א דעקלאראציע, אז די קינדער זענען זיינע קינדער און ער וועט מאָנען רעכט פאר זיין גאנץ הויזגעזינד.

— מילא, ביי מיר האָסטו שוין געפּועלט. איך וויל נאָר וויסן וויאזוי מע האָט צוגערעדט יאָקל בעדער מיט זיין ווייב, די טוקערן? וואָס איז געשען מיטן פּאָנפעוואטן מלמד? וואָס האָט מען אויסגעפירט ביים קברות-ייד, ביי די פּאָר "בניאָקעס".

למאי זאָל איך מיך לויבן, עס איז נישט געווען קיין גרינגע מעשה דורכצו-פירן די חתנות. מע האָט געדארפט געלד, מענטשן וואָס קענען שרייבן, מענטשן וואָס קענען איבעררעדן, אן אדוואָקאט, א בירא ...

— שוין, איך פרעג דיך מער נישט גאָרנישט, מאכט מיין אלטער, איצט קענסטו רעדן עלעהיי איך בין נישט דערביי ...

איצט איז מיר גוט: איך קען דערציילן און קיינער וועט מיר נישט אריינ-פּאָרן אין די רייד: דער לייענער האָט נאָר איין ברירה: אוועקלייגן] דאָס ביכל און מער נישט לייענען: בין איך אָבער נישט דערביי.

די אקציע וועגן חתונות האָט זיך געפירט איבערן גאנצן לאנד, עס האָט זיך געהאנדלט אין טויזנטער פּאָרלעך, וואָס האָבן חתונה געהאט נאָר כדת משה וישראל און זיך נישט פארשריבן אין דעם פּרימאריע. מע האָט זיי געדארפט חתונה מאכן, כדת המלוכה, לעגיטימירן זייערע קינדער, אָנשרייבן בקשות אין טרי-בונאל, ארויסנעמען אלערליי אקטן, פּאפּירן. דאָס האָט דורכגעפירט דער דעמלט בארימטער „פּארבאנד פון הי-געבוירענע יידן".

האָט מען זיך אין שטעטל גענומען צו דער ארבעט. גימנאזיסטן, סטודענטן, יונגע בוכהאלטערס, לערערס זענען געגאנגען „איבער די הייזער", גערעדט צוגערעדט, ארייג-ערעדט, געטענטלט, געשריבן, געקלעט און געמעקט, נעש-וויצט און געשריגן, געבעטן און זיך געלאָזט בעטן, געקלעבט מארקעס, גענומען אונטערשריפטן, גענעבן עצות. אזוויוזי מע האָט זיי געלערנט.

א גוט שטיקל ארבעט האָט מען געהאט מיטן איבערעדן די פּאָרלעך, אז זיי זאָלן זיך לאָזן חתונה מאכן. ווער עס האָט געלייענט יידישע און רומענישע

בלעטער האָט פֿארשטאנען דעם ענין. מיט א טוץ משפחות איז אויסגעקומען צו „האקן האָלץ“.

אָנגעהויבן האָט עס מיט יאָקל בעדער. מע האָט אין אים אריינגערעדט ווי אין א פאס, אים געגיבן צו פֿארשטיין, אז סיי צוליב זיך, סיי צוליב זיינע קינ-דער און קינדס-קינדער באדארף ער קומען און „מאכן די אַלע פּאפּירן“. קוים האָט מען אים שוין צוגערעדט האָט זיך אריינגעמישט די בעדערקע: „דאָמנו פּראָפעסאָר, האָט זי א מאך געטאָן צום לערער, אונדז וועט איר נישט פירן אין באָד אריין! מיר שרייבן גאָר נישט אונטער. אזוי האָט מיך די מאמע געלערנט: שרייב נישט אונטער“.

האָט מען צו איר געשיקט די לערערקע, די טאָכטער פון א יוגנט-חברטע אירע. יענע האָט איר דערציילט, וואָס די אייניקלעך קענען האָבן שוועריקייטן, אויב זי וועט נישט חתונה האָבן לויטן געזעץ. האָט זי אויסגעשפּיגן און נאָכ-געגעבן.

דער מלמד האָט זיך שווער געלאָזט איבעררעדן. ער האָט אַלצדינג אויס-געהערט וואָס מע האָט אין אים אריינגערעדט און געשוויגן; געשוויגן, אָבער נישט נאָכגעגעבן. איז געקומען א „קאָמיטעטניק“, פון דער קהילה, און אים אָנגעשראָקן, אז אויב ער וועט נישט האָבן „קיין רעכט“ קען מען אים פֿארמאכן דאָס חדר. האָט ער זיך אָנגעהויבן שאָקלען און לסוף געזאָגט: איך וויל נישט גיין אין דער פּרימאריע, ווייל מע דארף דאָרט שטיין אין הוילן קאָפּ. האָט מען אים צוגעזאָגט, אז ער וועט מעגן בלייבן אין דעם קאַפּל, וואָס ער טראָגט אונטערן קאפּעלוש.

מיט די פֿרישע פּאָרלעך האָט מען געהאט צו זינגען און צו זאָגן. דער אַל-טער חזן האָט קיין קינדער נישט געהאט, האָט ער געזאָגט, אז ער איז מוחל די טובה, נאָר ער וועט פון זיך נישט חוזק מאכן; אים איז גענוג די יידישע חופּה. דעם קברות-ייד האָט מען אויך נישט געקענט צורעדן.. ער האָט געענטפערט, אז ער האָט אינדערערד די גאנצע מעשה-! זיינע קינדער וועלן נישט ווערן קיין דאָקטוירים און נישט קיין לערערקעס און אז צו גראָבן א קבר איז גענוג א לאָ-פּעטע ...

נאָך וואָכן שווערער האָרעוואניע, וואָס האָט אויפגערודערט דאָס גאנצע שטעטל, איז אָנגעקומען דער גוטער דינסטיק, ווען מע האָט געקענט דורכפירן די גרויסע חתונה. אין דעם זאַל פון דער יידישע שולע, וווּ מע פלעגט מאכן די-בעלער פון דער קהילה, פון די פֿאריינען און חברות, האָט מען אויפגעשטעלט א מין בינע מיט א טיש, ווו עס זענען געזעסן די פּני פון שטאָטראט. אין זאַל

זענען געשטאנען די אלע פּאָרלעך, אויסגעפּוצט אין שבתדיקע קליידער, ווײַבער מיטן גאנצן צירונג, די מענער מיט שיינע קאפּעליטשן.

דער נאָטאר האָט פירגעלייענט דאָס געזעץ וועגן חתונות און אויסגעפרעגט יעדעס פּאָרל צי זיי ווילן זיך נעמען. די מענער האָבן צוגעשאָקלט מיטן קאָפּ, די ווײַבער האָבן געענטפערט אויף א קול. דערנאָך האָט מען פירגעלייענט די רשימה פון די פּאָרלעך אין זיי פארכעטן צו חתמענען אין רייסטער פון חתונות. דאָ איז פּאָרגעקומען א קריגערייַ. אויסגערופן האָט מען לויט אלפאבעט פון אבראמאָוויטש משה ביז אלטער צודיק. דער נאָמען צודיק איז געווען געשריבן דייטשמעריש מיט א „ז“, וואָס מע לייענט „צ“. אָבער דער סעקרעטאר האָט געלייענט „זודיק“ (זאָדיק), וואָס אויף אונדזער יידיש איז עס א מיאוס וואָרט. איז געוואָרן א געלעכטער און רעב אלטער האָט זיך געברוגזט און געוואָלט אוועקגיין. האָט ער אָבער מורא געהאט פארן זשאנדארן-שעף ער האָט געזאָגט: סטייטש, אבראמאָוויטש האָט א פיצל קלייטל און ער, אלטער, איז א גרויסער סוחר פון תבואה.

הכלל, מע האָט זיך צעחתמעט, דער ראָש-הקהל האָט געדאנקט דעם נאָטאר פאר דער גרויסער הילף, וואָס ער האָט געגעבן און מע איז אהיימגעגאנגען. אויפדערנאכט האָט קהל געמאכט א באל.

עס איז געקומען די גאנצע שטאָט יידן און אפילו נישט יידן. דעם באל האָט געעפנט דער דאָקטער פונעם מלוכהשן שפּיטאָל מיט דער טאָכטער פון דעם ראָש-הקהל. דערנאָך האָט מען געטאנצט, זיך געשיקט „אילוסטראטעס“ (ביל-דער-קארטלעך), געפירט די פריילנס צום בופעט. עס האָבן זיך אָנגעהויבן שפּי-נען קומענדיקע שידוכים; מע האָט שוין געהלומט פון וואלן און פּאָליטישע פּארטייען, פון פארגרעסערן די קלייטן. הכלל, האָפענונגען ווי אויף א חתונה.

שפּעטער האָט דער לערער דערציילט, אז מיטוואָך האָבן אייניקע קינדער שטארק פארשפּעטיקט אין שולע. אז מע האָט זיי געפרעגט פארוואָס, האָבן זיי געענטפערט: „דער טאטע האָט די מאמע גענומען (פאר א ווייב).“

און ווייל הונדערט טאטעס האָבן אין יענעם טאָג חתונה געהאט פאר הונדערט מאמעס איז טאקע דער טאָג געבליבן מיט א צונאָמען: „דער דינסטיק פון די הונדערט חתונות“.

וואָס זאָגט איר דערצו?

# אינהאלט

